# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט 2 מאל מאָנאַטליך.

פערלאג: חברה „אחיאסף“. רעד.: י. ח. ראבניצקי.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאָהריג 2.60 „
פירטעליאהריג 1,35 „
דייטשלאנד 8.50 מארק.
ארץ ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 „
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
נור יאהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 „
דען 1טען סענטיאבער 1 „
יעדער איינציגער נומר קאסט 25 ק״ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

נומר 13. ווין — קראקויא, אב תרנ״ט — יולי 1899. ערשטער יאהרגאַנג.


## אינהאלט:


א) די חברה ישוב ארץ־ישראל אין רוסלאנד. ר.
ב) קיין באזעל. בן עמי.
ג) מכח די חדרים. י. י. ווייסבערג.
ד) בריעף פון ארייזענדער ש. ראזענפעלד.
ה) א קורצע שמחה. יכנה״ז.
ו) פאמיליען־פאפיערען. א. ש. פרידבערג.
ז) דער ספאדעק. געדיכט. ש. פרוג.
ח) די יודישע וועלט.
ט) ישראל׳ס דרשות. פעלעטאן. דוד ישעיהו זילבערבוש.


---


צו אַבאָנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Dietelsgasse 105.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür II.

אין ווין:
E. Torczyner, Wien I. Bez. Rudolfsplatz 6.

אין בערלין:
Verlag „Achiasaf“ Berlin, zu Händen Dr. H. Malter, Charlottenburg, Pestalozzistrasse 29.

„דער יוד“ איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920a Nachtrag VII.

# „דער יוד“ אויף דאס צווייטע האלבע יאהר.

ווייל די ערשטע נומערין פון אונזער צייטשריפט זענען שוין גענצליך פערגריפען (און זאָגאר פון די וואָס מען האָט צום צווייטען מאָל געדרוקט איז שוין אויך ניטא קיין עקזעמפּלארען) און טאָג טעגליך געפינען זיך נייע אבאָנענטען אויף „דעם יוד“, דערום האָבען מיר בעשלאָסען אַן צו נעמען דיעזעס מאָל אַבאָנענטען אויך פון $^1/_{13}$ טען יולי אויף א האלבעס יאָהר ביז צום $^1/_{13}$ יאנואר 1900.

מיר האָבען אויך געזאָרגט דאפיר דאָס די אבאָנענטען זאָלען קענען לעזען די איינינע ערצעהלונגען און וויכטיגע אַרטיקלען וואָס טיילען זיך אין פאָרטזעטצונגען פון די פאָריגע נומערין, און מיר האָבען דערום געלאָזען פון דאָס ניי אויסזעטצען די עטליכע אנפאנגע פון די ארטיקלען און ערצעהלונגען און דאָס וועט קומען אָבגע-דרוקט אין איין בעזונדער ביכיל און אַלע נייע אבאָנענטען אויף דאָס צווייטע האלבע יאָהר וועלען בעקומען דאָס ביכיל און וועלען קענען לעזען די פאָרטזעטצונגען וואָס קומען אין די ווייטערדיגע נומערין פון Nr. 13 אָן.

דער פרייז אויף דאָס האַלבע יאָהר (צוזאמען מיט דאָס ביכיל) איז 2.50 רו"כ.

**VERLAG „ACHIASAF“ WARSCHAU.**

---

# געזעלשאפט „כרמל“ ווארשא

### אויסשליסליכער פערקויף פיר גאנץ רוסלאנד

# פון נאטירליכע וויין און קאניאק



דער עטיקעט איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

וועלכער ווערד אויסגעארבייט

אין די וויינגערטנער

פון די

## יודישע קאלאניעם

אין

## ארץ ישראל




די מארקע איז בעשטעטיגט פון דער רוסישער רעגירונג.

„צו לויבען דעם כרמל-וויין און קאָניאק איז גאנץ איבריג, ווייל זייא זענען שוין אנערקאננט פון די גראָססטע „פאבליטע פיר איינציג נאטירליך און ריין און קעננען קאָנקורירען מיט דיא בעסטע פראנצאָזישע או „אנדערע אויסלאָנדישע פיינסטע סארטען“.

הויפט-קאנטאר אין ווארשא, נאלעווקי נ' 21, טעלעפאן נו' 1433.

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Варшава. פיר טעלעגראממען: Варшава Кармелъ.

אכטהיילונג פיר זיד-רוסלאנד אין אדעססא רישעליעווסקאיא אין דעם הויז פון ה' בארבאש:

אדרעססע פיר בריעף: Товарищество Кармелъ Одесса. פיר טעלעגראממען: Одесса Кармелъ.

צו אדרעססער ראיאן געהערען די גובערניעס: חערסאן, קישיניעוו, יעקאטערינאסלאוו, פאדאלסק, קיעוו, חארקאוו, פאלטאווא, קרים און קאווקאז

## אונזערע וויינען און קאניאקען בעקומט מען אין אלע וויינהאנדלונגען

---

כדי צו בעווארנען כרמל-וויין און קאָניאקען פון נאכגעפעלשטע, פערקויפען מיר אונזערע וויינען און קאָניאקען נור אין פלעשער פערזיגעלט מיט אונזער סטעמפעל און פערקניפט מיט דער פלאָמבע פון „כרמל“.

I. Jahrgang. DER JUDE. Nr. 13.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אֶסטרייך-אונגארען —.5 פלארין.
האלביאֱהריג 2,60 "
פירטעליאהריג 1,35 "
דייטשלאנד 8,50 מארק.
ארין ישראל —.10 פראנק.
אנדערע לענדער —.12 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילונג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
10 קרייצער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

# דער יוּד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.

דער פרייז פיר רוססלאנד:
נור יאֱהרליך 4 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען מאי — 1 "
דען 1טען סענטיאבער — 1 "
יעדע איינציגער נומר קאסט
25 ק"ר אדער 20 קאפ.

ענדערען די אדרעסע קאסט
20 קאפ.

פערלאג: חברה „אחיאסף".
ערשיינט 2 מאָל מאָנאַטליך.
רעדאַקטער: י. ח. ראבניצקי.

נומר 13. וויען — קראקויא, אב תרנ"ט — יולי 1899. ערשטער יאַהרגאַנג

## די חברה „ישוב ארץ־ישראל" אין רוסלאנד.

I.

די חֶבְרָה אין רוסלאַנד „צו שטוצען ערדאַרבייטער און בַּעֲלֵי־מְלָאכוֹת אין סוריה און פאַלעסטינאַ" האַלט די טעג (8 יולי) אַ אַלגעמיינע פערזאַמלונג אין אָדעסאַ, דאָרט וואו עס געפונט זיך תָּמִיד דער קאַמיטעט פון דער חברה. אַזאַ אספה־כְּלָלִית רופט צונויף דער אָדעסער קאַמיטעט איין מאָל אין דריי יאָהר און צו דער צייט גיט ער אַרויס אַ אויספיהרליכען אָטשאָט (הַשְּׁבּוֹן) פאַר דריי יאָהר.

פאַר אונז ליגט איצט דער נייער השבון פאַר די לעצטע דריי יאָהר (1896, 1897, 18?8), פון וועלכען מיר וועלען אַרויסנעהמען אייניגע ידיעות און ציפרען. אין דעם מֶשֶׁךְ פון די דריי יאָהר האָט דער קאַמיטעט געשטיצט די קָלאַניע הדרה מיט 6,601 פר', גדרה 20.104 פר', קלענערע שטיצע האָט ער געגעבען די קאָלאָניען פתח־תקוה, רהובות, וואַדי־חאַנין, משמר־הירדן און נאָך אַנדערע, אויסער תְּמִיכָה פּוֹעֲלִים און בעלי־מלאכות. ער האָט אויך געזאָרגט אביסעל פאַר'ן גייסט פון די קאָלאָניסטען און זייערע קינדער: דער בית־הספר אין יפו האָט בעקומען פון איהם שטיצע 14.000 פר' און די יפו'ר ביבליאָטעק ביז 5000 פר' א. ד. ג.

נאַר דער עִיקָר אַרבייט פונ'ם קאַמיטעט אין די לעצטע דריי יאָהר איז געוועזען די איינריכטונג פון דער נייער קאָלאַניע קוסטיניע (בּאר־טוביה).

שוין לאַנג איז דער קאַמיטעט (ד. ה. די דאָזיגע מיטגליעדער פונ'ם קאַמיטעט וואָס אינטערעסירען זיך באמת מיט דער אידעע פון קאָלאָניזירען ארץ־ישראל) געקומען צו דער איבערצייגונג אַז מען וואָלט גערדאַרפט גרונדען אין א"י האָטש איין רעכטע קאָלאַניע, וואָס זאָל מעגען ווירקליך זיך אָנרופען מיט'ן נאָמען דאָרף, וואו זאָל זיין עוֹבֵד אַדְמָתוֹ יִשְׂבַּע לָחֶם טאַקי נאָכ'ן פראָסטען פשט, מע זאָל אַרבייטען די אייגענע ערד און מע זאָל האָבען זאַט צו עסען אייגען ברויט, נישט געקויפטס אין מאַרק. ווי מען ווייסט, איז ביז איצט דער גאַנצער נייער יִשׁוּב אין ארץ־ישראל כִּמְעַט „כְּלוֹ מִשְׁקֶה", אונזערע יודישע קאָלאָניעס זענען כמעט אַלע אינגאַנצען נישט פערזייעט נאָר פערפלאַנצט מיט וויינגערטנער; נאַר אויסער וואָס אַזאַ ישוב איז זעהר נישט פראַקטיש, ווייל ס'איז שווער צו געפונען אַ אָבגאַנג מיט אַמאָל פאַר אַזוי פיעל וויין, איז טאַקי דאָס אויך נישט דער רעכטער צוועק פונ'ם נייעם ישוב צו מאַכען פון אונזערע קאָלאָניסטען ווי אַ מין וויין־הענדלער... אמת, די ערשטע קאָלאָניסטען זענען עס געוואָרען איבער נויט: אין ראשון־לציון האָבען די קאָלאָניסטען פריהער פלייסיג זיך גענומען צו זייען ברויט און עס האָט זיי געקאָסט גענוג מיה און געלד איידער זיי האָבען זיך דערוואוסט דעם סוד אַז די ערד זייערע איז זאַמדיג און טויג נישט אויף זריעה, און דאַמאָלס ערשט האָבען זיי זיך געמוזט נעהמען צום פלאַנצען. די זעלבע מַעֲשֶׂה איז אויך פאָרגעקומען אין גדרה. דערנאָך אָבער האָט מען זיך שוין גענומען פון אָנהויב אָן צו גרונדען נייע קאָלאָניעס מיט דער כַּוָּנָה נור צו פלאַנצען כְּרָמִים, און מען האָט אויפגעהערט גאָר צו טראַכטען פון אַ אַנדער רעכטען, געזונדען יִשׁוּב.

אויף דער טרויעריגער זייט פונ'ם ישוב האָבען אויפמערקזאַם געמאַכט די בעסטע מיטגליעדער פונ'ם אָדעסער קאַמיטעט. דערווייל האָט מען אָנגעהויבען שטאַרק צו טראַכטען וויא אַזוי צו פערזאָרגען די פּוֹעֲלִים אין ארץ־ישראל, וואָס פון זייערטוועגען האָט מען געקליבען נאָך פונ'ם יאָהר 1892 אַ בעזונדער פאָנד פון ספעציעל־נְדָבוֹת (לטובת־הפועלים), און נאָך לאַנג טראַכטען איז געבליבען בעשטימט אַז מען זאָל אויסקלויבען די בעסערע פון די פועלים, דערווייל נור 20 מענשען, און זיי בעזעצען אין אַ נייע קאָלאָניע, וואָס זאָל זיין געגרונדעט נור אויף ערדאַרבייט. צו דעם צוועק האָט מען אָפגעקויפט קוסטיניע, וועלכע געפונט זיך 5 שעה רייזע פון יפו און ענטהאַלט העכער 5000 דונאָם ערד, וואָס איז גוט אויף פערשיעדענע תבואות (ווייץ, סעזאַם, קאַקאַראַזע, טהיילווייז אויך גערשטען, אַרבייס א. ד. ג.).

לויט די אויספיהרליכע חשבונות, וואָס מען האָט געמאַכט, האָט גערדאַרפט קאָסטען דאָס ערשטע יאָהר אַרום־און־אַרום ביז 100.000 פר'. נאַר נישט אַזוי גיך און פונקטליך טהוט זיך ווי עס רעדט זיך, בפרט אַז רעדען רעדט זיך אין אָדעססאַ און טהון טהוט זיך אין ארץ־ישראל. ווי געוועהנליך, האָט זיך דערנאָך אויסגעלאָזט אַז די הוֹצָאוֹת זענען געווען אַ סך מעהר וויפיעל מען האָט גערעכענט (137 0?0 פר'), און בעזעצט האָט מען אָנשטאָט 20 קאָלאָניסטען נור 17, אי דאָס נישט אַלע אַזעלכע ווי עס האָט זיך געפאָדערט לויט די תְּנָאִים פונ'ם קאַמיטעט. אויב דער וַעַד־הַפּוֹעֵל אין יפו איז שולדיג וואָס ער האָט נישט געטהון פונקטליך, ווי מען האָט איהם געשריבען פון אָדעסאַ, ליעגט אַ טהייל שולד אויך אויפ'ן אָדעסער קאַמיטעט, וואָס אַרבייט בִּכְלָל אין דער זאַך זעהר שוואַך. ביז איצט, לְמָשָׁל, קלויבט זיך נאָך אַליין דער קאַמיטעט צו שיקען אַ רעוויזאָר אין ארץ־ישראל, ער זאָל בעטראַכטען מיט אָפענע אויגען די לאַגע פון יעדער זאַך אויפ'ן אָרט און זאָל דערנאָך אָפגעבען אַ קלאָרען חשבון פון אַלעמען פאַר'ן קאַמיטעט, און ווי נייטהיג וואָלט עס געווען אין אַלע פאַכען...

כָּךְ־הַכֹּל איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף קוסטינע אין די גאַנצע דריי יאַהר 201.644 פר'.

דער אוראָזשאַי אין דער נייער קאָלאָניע איז געווען דאָס ערשטע יאָהר נישט קיין גוטער. דערפאַר האָט דאָס לעצטע יאָהר (1898) שוין געגעבען אַ גאַנ'ץ פיינעם אוראָזשאַי (דורכשניטליך קען מען רעכנען לויט דעם בעריכט, אַ עֵרֶךְ פון 2500 פר' אויף אַ פאַמיליע), אַזוי אַז דער אָדעסער קאַמיטעט פעררעכענט שוין קוסטינע פאַר אַ זעלבסטשטענדיגע

קאלאניע, וואס קען שוין אויף ווייטער שטעהן פעסט אהן שטיצע פון דרויסען, אויסער איינינע כלל־זאכען און עטוואס שטיצע פאר איינצעלנע קאלאניסטען. קיין בעזונדערער אדמיניסטראטאר דארף שוין נישט די קאלאניע און עס גיט אויף איהר אכטונג א קאמיטעט פון די קאלאניסטען אליין.

דער ערשטער נסיון פון דער קאלאניע קוסטינע, נאך די אלע פעהלער און איבעריגע הוצאות וואס מען האט געמאכט, קען מען אלענפאלס רעכענען פאר געראטען, און מען דארף האפען אז דער אדעסער קאמיטעט וועט איצט נעהמען טראכטען און טאקי טהון אנדערע וויכטיגע זאכען, ווי עס פאסט פאר אזא חברה, און נישט איננאנצען זיך אפגעבען מיט קלייניגקייטען, ווי צו שטיצען איינצעלנע קאלאניסטען א. ד. ג. — בפרט איצט, אז אין געלד פיהלט זיך דער קאמיטעט אביסעל פרייער און ווייסט נישט פון אזא מאנגעל ווי אין די פריהערדיגע יאהרען, דען די לעצטע דריי יאהר האט זיך פון יאהר צו יאהר פערגרעסערט די צאהל פון די מיטגליעדער אין דער חברה און איהרע הכנסות: אינ'ם יאהר 1896 איז געוועזן 4 808 מיטגליעדער מיט 37 640 רובל הכנסה (אויסער 7336 ר. לטובת הפועלים), אינ'ם יאהר 1897 — 6,390 מיטגליעדער מיט 46,726 רובל (אויסער 5,479 ר. לטוה"פ), און דאס לעצטע יאהר 1898 האט געגעבען 8134 מיטגליעדער מיט 58.368 ר. (אויסער 11,040 ר. לטוה"פ).

ווי מע ווייסט פון די פריהערדיגע חשבונות האט נור דאס ערשטע יאהר (1890) געגעבען 4839 מיטגליעדער מיט 45.799 רובל הכנסה. די פרישע ערלויבנים פון דער רוסישער ממשלה אויף צו גרונדען די חברה האט דאמאלס שטארק אויפגעריהרט דעם עולם און פיעל האבען זיך פעראינטערעסירט מיט דער חברה. דאס צווייטע יאהר איז מען שוין, ווי דער שטייגער, אפגעקיהלט געווארען און ס'איז שוין געוועזן וויניגער חברים מיט וויניגער הכנסה. דאס דריטע יאהר, צוליעב דעם געוויסען קראך, איז גאר געוועזן א שלעכט יאהר פאר דער חברה (26.445 מיטגליעדער מיט 2724 ר.), אזוי אז נאך די גרויסע הוצאות פון די צוויי קאנצעלאריעס דא און דארט, אין אדעסא און אין יפו, איז זעהר וויניג געבליבען אויף עפיס צו טהון. נאך דעם האט זיך די חברה ווייטער אביסעל אויפגעהויבען און 4 יאהר כסדר געהאלטען ביי עטליכע און דרייסיג טויזענד מיטגליעדער מיט העכער 40.000 ר. הכנסה. נאר די לעצטע צוויי יאהר האט זיך מיט אמאל היבש פערגרעסערט די צאהל פון די מיטגליעדער מיט די הכנסות. די סבה דערפון איז זעהר לייכט צו געפונען: נישט דער קאמיטעט האט זיך גענומען געשמאק צו דער ארבייט און האט עפיס אויפגעטהון נייע גרויסע זאכען, און דערפאר האט ער קונה־שם געוועזן און די חברה איז געווארען בעליעבט ביים עולם; ניין, מיט'ן קאמיטעט איז מען אייגענטליך ביז איצט נישט צופריעדען גלייך ווי פריהער. נאר די אמת'ע סבה איז — די נייע בעוועגונג פון ציוניזם. די דאזיגע נייע בעוועגונג, וואס האט זיך אזוי געשטארקט נאכ'ן ערשטען באזעלער קאנגרעס, האט נאך אלע דעות דאס גרויס פערדיענסט ביי יודען וואס האט אויפגעריהרט און אויפגעמונטערט אביסעל דאס פערשלאפען יודיש וועלטיל. אמת, מעהרסטענטהייל פון אונזערע נייע ציוניסטען קוקען ארויס נור אויף גאר גרויסע מעשים און די קליינע מעשים'ליך פונ'ם אדעסער קאמיטעט האט ביי זיי אין די אויגען קיין שום ווערטה נישט, זיי זאלען נעהמען קלויבען פון זיינעטוועגען חברים. די פרישע בעוועגונג אבער האט אויפגעוועקט אויך א סך פון די אלטע הובבי־ציון, וועלכע נעהמען אויך א טהייל אין די נייע ציוניסטישע חברות און קלויבענדיג שקלים און אקציעס פערגעסען זיי דערווייל אויך נישט צו זוכען נייע חברים פאר דער אלטער חברה "ישוב ארץ־ישראל".

און אז מע זוכט געפונט מען. בכלל די צאהל פון מיטגליעדער אין א שטאט ווענדט זיך מעהר פון אלץ אין די עטליכע מענשען (און אמאל נור אין איינעם), וואס גיבען זיך אפ מיט דער זאך ערענסט. אז איהר זעהט גאר אין א קליין ארט געפונען זיך אסך חברים פון דער חברה, קוקט ווער דער עסקן (מורשה) אין דעם שטעדטיל; אויב איהר קענט איהם נישט, מעגט איהר אזוי אויך זיין פערזיכערט אז ער (און אמאל די פאר יונגע לייט וואס העלפען איהם אין דער זאך) איז א איבערגעגעבענער חובב־ציון און דערצו א ענערגישער מענש, וואס האט פיינט צו שלאפען אין עסק און ער הארט נישט ביז מען וועט איהם ברייננען געלד אהיים. א יוד וועט נישט נעהמען אליין איבערשיקען דאס געלד אין קאמיטעט אדער אפילו זיך דערמאהנען אליין איבערגעבען דעם מורשה אין דער האנד. אז מע קומט איהם מאהנען אפילו אויפ'ן עגל, בפרט נאך אויפ'ן משכן, זאגט ער נישט אפ.. ער גיט אמאל איבער געוואלד, טאקי נור ווייל ער קען נישט אפזאגען, און אמאל איז ער טאקי זעהר צופריעדען און דאנקבאר דעם וואס איז איהם מזכה מיט דער מצוה.

ס'איז דערום כדאי אביסעל אבצושטעלען זיך אויף דער צאהל פון די מיטגליעדער אין איינינע שטעדט פאר דער גאנצער צייט, ווארום אותיות מחכימות, אזעלכע ציפערן רעדען אסך. אט האט איהר למשל, א ק ע ד מ א ן. די ערשטע דריי יאהר האט די שטאדט גאר נישט געגעבען קיין חברים, דאס פערטע יאהר געפונען מיר דארט 97 חברים, דאס 5־טע שוין 68, דאס 6־טע און 7־טע אלץ נאך צי עטליכע צעהנדליג, דאס 8־טע יאהר בלייבט פלוצלונג קיין איינער נישט, און דאס לעצטע יאהר (1898) איז דא איינער, טאקי נור אויף א סימן. וואהין האבען זיך היגגעטהון יענע אלע חברים? גאר פשוט: דער וואס האט ביי זיי פריהער געמאנט איז א פנים, ארויסגעפאהרען פון דארט אדער אליין אפגעקיהלט געווארען צו דער זאך, און אז ער האט נישט געמאהנט האט דער עולם נישט געגעבען. — צוליעב דעם זעלבען טעם, מן־הסתם, וועט איהר געפונען אין ד ו ב נ א אינ'ם יאהר 1893 פיערציג חברים און דאס יאהר נאכדעם 39, און ווייטער אין די אלע איבעריגע יאהרען געפונט איהר שוין אין דער גאנצער יודישער קהלה קיין איין און איינציגען מיטגליעד נישט. —

אז עס פעהלען ביי אונז עסקנים, מענשען וואס זאלען נישט קארגען קיין טרחה און קיין צייט פאר דער חברה, זעהט מען ארויס אין פיעל שטעדט. אין אזא שטאט ווי ווארשא, למשל, וואו עס געפינט זיך די גרעסטע יודישע קהלה, איז דא אין לעצטען יאהר נור 6 מיטגליעדער! — אין דער י ו ד י ש ע ר שטאט בערדיטשעוו איז געוועזן א פאר יאהר וואס ס'איז נישט געוועזן קיין איין מיטגליעד, און אין די צוויי יאהר וואס פאר'ן לעצטען האט זיך געפונען נור איינער, נאר דאס לעצטע יאהר איז דא 30, אויך א גאר וויניגע צאהל פאר אזא קהלה.

בעדייטענד פערגרעסערט די צאהל פון די מיטגליעדער אין די לעצטע פאר יאהר, האט זיך אין פיעל שטעדט, ווי אלעקסאנדראווסק (פאר'ן־לעצטען יאהר 29, דאס לעצטע — 52), בענדער (פאר'ן־לעצטען 10, דאס לעצטע - 50), ביאליסטאק (פאר'ן־לעצטען 123, דאס לעצטע — 186), גראיעוו (פאר'ן־לעצטען 56, דאס לעצטע — 96), יעליסאוועטגראד (ביידע יאהר צי 90), קאמעניע'ן־פאד. (פאר'ן לעצטען 105, דאס לעצטע — 93), קאוונע (פאר'ן־לעצטען 103, דאס לעצטע 182), ליבאווע (פאר'ן־לעצטען 89, דאס לעצטע — 170), לאדז (פאר'ן־לעצטען 116, דאס לעצטע — 158), ריגא (פאר'ן־לעצטען 139, דאס לעצטע — 231), ראוונע (פאר'ן־לעצטען 85, דאס לעצטע 87) און נאך אנדערע. — נאר מעהר פון אלע שטעדט אין גאנ'ץ רוסלאנד האט זיך אויסגעצייכנעט ו ו י ל נ א. אלע יאהר, זינט די חברה האט זיך געגרינדעט, פערנעהמט דארט ווילנא איינע פון די ערשטע פלעטי'ן, נאר דאס לעצטע יאהר האט זי געגעבען גאר א גרויסע צאהל מיטגליעדער (778), כמעט א צעהנטיל פון אלע חברים, מיט העכער 300 פונ'ם צאהל וואס האט געגעבען אדעסא, די שטאדט וואו דער קאמיטעט געפונט זיך.

אדעסא בכלל צייכענט זיך נישט שטארק אויס אין דעם הינזיכט. דאס ערשטע יאהר נור איז דארט געוועזן 951 חברים, דאס צווייטע יאהר שוין מיט 200 וויניגער, דאס 3־טע כמעט מיט נאך 300 וויניגער, און אזוי אלץ פערקליינערט פון יאהר צו יאהר ביז דעם יאהר 1897, אין וועלכען זי האט שוין געגעבען נישט מעהר ווי 386 חברים, נאר דאס לעצטע יאהר האט זיך ווייטער אביסעל פערגרעסערט ביז 457, אויף מעהר פון דעם ביסעל האט דער זכות פון דער נייער בעוועגונג אויך נישט געהאלפען און אין אזא שטאדט ווי אדעסא איז גאר נישט קיין

שווערע זאך צו קריגען חברים פאר יעדער חברה, וועלכע ס'איז, בפרט פאר אזא חברה. אויב עס וואלט גאר נישט געווען קיין אנדערע ראיות נור דאס אליין, קען עס שוין אויך זיין א גוטער סימן ווי ווייט דער אדעסער קאמיטעט איז טהעטיג, אז ער האט אפילו נישט געקענט וויר־קען אויפ'ן ארט צו פערגרעסערן די צאהל פון די חברים. . . נאר פונ'ם קאמיטעט אליין, פון זיין ארבייט ביז איצט און וואס ער דארף טהון ווייטער, וועלען מיר נאך רעדען אין צווייטען ארטיקעל.     ר.

# קיין באזעל.

(פארטזעטצונג).

אויף דעם אנדערן טאג, פונקט האלב זיבען אין דער פריה, בין איך שוין ווייטער געזעסען אין א פיאקער און געפאהרען צו דעם וועסט־באנהויף (מערב־וואקזאל). פון דארט געהט אוועק דער צוג נאך דער שווייץ. זאלען מיך די וויענער נישט שטראפען פאר די רעד, עס ווערד מיר אזוי לייכט אויפ'ן הארצען, אזוי גרינג אויף דער נשמה, אז איך פאהר ארויס פון וויען, גלייך עס פאלט פון מיר אראב א שווערער עול. ס'איז געווים א שענע, א ליעבליכע שטאדט, האט אין זיך א סך מעלות, א סך אנציהענדעס און אנגענעהמעס, אבער דאס איז אויך א עיר אוכלת יושביה, א שטאדט, וואס פערדארבט איהרע איינוואהנער. און ניט נור מאראליש, דאס גאנצע וויענער לעבען איז פאר מיר א שווערע טרחה, וואס איך קען ניט איבערטראגען, און עס שטויסט מיך אב מיט אלע קרעפטען. גייסטיגעס איז אין דעם גאר ניט דא, נאך וועניגער הערצלי־כעס און גאסטפריינדליכעס. מע לעבט נור אויף דער גאס, אין קאפע, רעסטאראנען, און חברות, אבער ניט וועגען פריינדשאפט, נור ווייל היינ־וועניג אין הארצען איז ביי יעדען לעדיג און ער קען זיך ניט בעגעהן אהן דעם גערויש. ער מוז כסדר האבען א פלאץ, וואו זיך צו ווייזען און אנדערע צו זעהן. אין דער היים ביי זיך פערברענגען דעם אבענד אדער דעם פרייען טאג — קומט אויס ביי די וויענער עפיס ווילד. גוטע בעקאנטע און גוטע פריינד, אז זיי ווילען זיך בעגעגנען, פערברענגען אין איינעם דעם אויפדערנאכט, געהן זיי ניט איינער צום אנדערן, נאר בעשטימען אזעלכען און אזעלכען רעסטאראן און יעדער צאהלט פאר זיך, ווארום אין א פריוואט־הויז איז דאך ניט דער גלאנץ, דער גערויש, דער גרויסער עולם מיט זיין זשומען און לאכען. און אהן דעם קען א וויענער ניט לעבען, אזוי ווי א פיש אהן וואסער. אפילו ביי די יודען איז ניט דא קיין אמת אינערעס פאמיליען־לעבען. אין א קאפע, אין א רעסטא־ראן — דארט געהט מען זיך צוזאמען מיט די ווייבער און מיט די קינ־דער; אז מע רופט אייך צו גאסט, פיהרט מען אייך אין א רעסטאראן. וואס פאר אידעאלען עס ארבייטען זיך אויס ביי די קינדער, ביי אזא מין רעסטאראן־לעבען, קען מען שוין אליין פערשטעהן. איך בין געגאנגען אין שטאדט מיט א בעקאנט יודיש פרייליין פון א יאהר אכטצעהן־ניינצעהן. די גאנצע צייט האט זי מיר דערצעהלט מיט אמין ענטציקונג, מיט א מין ברען, ווי אזוי זי האט פערבראכט געסטערן, פארגעסטערן א. ז. וו. אין אזעלכען און אזעלכען קאפע, אדער גארטען, ווי פרעהליך עס איז דארט געוועזען, וואס פאר א קאפלעטען מע האט דארט געזונ־גען, וואס פאר א פובליקום עס איז דארט געווען: אקטערען און אק־טעריסעס פון אזא און אזא טעאטער; מיט איינעם פון זיי האט זי זאגאר נעהאט דאס גליק צו מאכען בעקאנטשאפט. און דאס גאנצע פנים איהרס האט געלייכט פון פרייד און עס האט זי עפיס, ווי אונטערגע־טראגען. איך האב פארט געוואלט וויסען, צי האט זי עפים א געפיהל אין עטוואס העכערע זאכען. נאר זי האט מיך גאר ניט פערשטאנען. איך האב געזעהן, אז איך וועל מיט איהר ניט ארויסקריכען און האב זי צו ענדע געפרעגט:

— זאגען זיא דאך, פריילין, וואס ווערע איהר בעסטער וואונש?

— ראד פאהרען,*) - האט זי מיר געענפערט מיט אזא טאן און אזא מינע, אז איך האב דייטליך געזעהן, אז איהר גאנצע נשמה, איהר גאנץ ווערען איז אין דעם וואונש. — וויען איז אזוי ווי א זעהר שענע מיט פיעל געשמאק און מיט פיעל קונסט אויסגעציערטע און אויסגע־פוצטע, אבער זעהר פערדארבענע נקבה, קאלט, אהן געפיהלען, אהן הארץ, אהן מאראל, אהן געוויסען, אהן בושה. און אלעס ערגסטע און אונפארשעמסטע טהוט זי מיט א ענטציקענד זים שמייכלעלע אויף די שענע, אביסעלע צו־געפארבטע ליפען און קוקט דערביי, אזוי אונשולדיג אזוי נאאיוו, ווי א יעהריגעס קינד . . . ווארום אין אמת ווייסט זי טאקי ניט, אז זי איז אזוי פערדארבען און איז זיכער, אז אנדערש קען גאר ניט זיין. זאגט איהר, אז זי איז א פערדארבענע נאטור, וועט זי אויף אייך אויפשטעלען איהרע שענע אויגען, ווי אויף א משוגענעם, און וועט זיך פערגיסען מיט א קלינגענדיג, אומפערשעמט געלעכטער. און דאס איז דאס ערגסטע, דא איז קיין תקנה ניטא. דא, אפשר נאך מעהר, ווי אין פאריז, בערלין, לאנדאן א. ז. וו., האט דער ארישער אידעאל, וואס איז — עסען, טרינקען און כל מיני תענוגים, דערגרעכט זיין העכסטע שטופע. די אנדערע, העכערע אידעאלען, וואס די נאאיווע שמ'יטען האבען אמאל געוואלט איינפלאנצען אין די ארישע פעלקער, האבען זיך ניט אנגענעהמען ביי זיי. הויכע מאראל און הויכע אידעאלען דיענען זיי נור דערצו, זיי זאלען זיי פאדערען פון אנדערע, זיי זאלען בעשולדיגען אנדערע, אז יענע טהוען ניט, ווי עס געהר צו זיין. מילא, די אלע זאכען וואלטען מיך שוין ניט אזוי געהארט — לאזען זיי זיך טהון וואס זיי ווילען, — האטש די דייטשע רבנים האבען אונז געגעבען א מין „מיסיע" צווישען די פעלקער, זיי צו מאכען פאר לייט און זיי פרעדיגען דאס, וואס זיי אליין, די ראבינערס, הייסט עס, ווילען נישט גלויבען און נישט טהון — דער אומגליק איז אין דעם, וואס די אמאליגע מלמדים זענען איצט גער־ווארען זעהר פלייסיגע תלמידים ביי זייערע פריהרדיגע שילער און ווייל זייער תורה איז גאר א גערינגע, מאכען זיי שרעקליכע פארשריטען און וועלען שוין באלד איבערגעהן זייערע מלמדים. דער ציוניזמוס אזוי ווי איך האב שוין געזאגט אויבען, האט זיך נאך זעהר וועניג אנגענעהמען אין וויען, ער זאל עפים קענען ווירקען אין דער הינזיכט. אויסער דעם, קלערען א סך פון די יונגע ציוניסטען, אז טוב תורה עם דרך־ארץ: ציוניזם מיט א קאפע־שאנטאן זענען גאר ניט סותר איינס דאס אנדערע, אז מע קען זיין א זעהר גוטער ציוניסט און דערביי בלייבען ביי אלע ארישע אידעאלען, פיהרען א לעבען ווי אלע ארישער.—

פון וויען קיין שווייץ קען מען פאהרען איבער מינכען־לינדוי, אדער איבער זאלצבורג־אינסברוק. דער ערשטער וועג איז שוין דערפאר ניט בעקוועם, ווייל ער געהט איבער דייטשלאנד (בייערען) און מע מוז האבען א עסק מיט צוויי גרענצען, וואו מע קוקט איבער די זאכען. דער וועג איבער זאלצבורג איז אויך דער שענסטער און בעקוועמסטער: ער געהט גלייך נור איבער עסטרייך ביז אין די שווייצערישע גרענעץ. מיר שיינט, אז ער איז אויך דער ביליגסטער, ווייל דאס פאהרען אין עסט־רייך איז פיעל ביליגער ווי אין דייטשלאנד.

איך האב שוין עטליכע מאל דורכגעמאכט דעם וועג איבער זאלצ־בורג, און עס קלאפט מיר שוין דאס הארץ פון פרייד ביים געדאנק, אז אין איניגע שעה ארום וועל איך ווידער זעהן די וואונדערשענע געגענד מיט די אלטע בעקאנטע בעוואקסענע גרויע בערג און נאקיטע פעלזען.

פון וואלאטשיסק ביז וויען כמעט פיהלט מען זיך נאך גאר היי־מיש: דער זעלבער שמוץ אין די וואגאנען, די פאסאזשירען אין גרעס־טען טהייל אויך ניט אזוי איבריג ריינליך, די קאנדוקטארען ניט איבריג העפליך. ארום־און־ארום די זעלבע ארימע דערפער מיט די קליינע לייי־מענע שטובליך, מיט שטרויענע דעכער, מיט א שווארצע בלאטע אויף די גאסען און אויף די וועגען, ווי באלד אז ס'איז נאך א רעגען. אין א גאנ'ץ אנדערער וועלט פיהלט מען זיך ערשט, אז מע פאהרט ארויס ווייטער פון וויען. דא האט אלסדינג גאר איין אנדער פנים, אלעס זעהט אויס עפים אבגעוואשען, איבערגעטהון. אויף אלעמען ארום ליעגט עפיס א מין פרייד, א מין צופרידענהייט. די אומגעבונג פון וויען זענען זעלט־זאם שען. איך ווייס ניט, אויב ס'איז נאך דא א גאנ'ץ גרויסע שטאדט, אויסער פאריז, אפשר, וואס האט אזעלכע שענע ערטער ארום־און־ארום ווי וויען.

*) פאהרען אויף א וועלאסיפעד.

דער וואגאן, אין וועלכען איך פאהר, איז כמעט לעדיג, אחוץ מיר נאך דריי פאסאשירען: א פריילין, מיט א לאנג בלייך פנים, מיט גרויסע פעדערשטע צעהן, מיט אביסעל א פאריסענער, אויבערשטער ליעפ, מיט שענע, בלויע גוטמוטיגע אויגען, וואס שמייכלען כסדר; א יונגער מאלער, א פעזאזשיסט, דאס הייסט, וואס מאהלט די נאטור: א וואלד, א טייך, בערג. דער דריטער, א שרעקליך פולער מענש, פעררוקט אין א ווינקעל, ארומגעלעגט פון אלע זייטען און דאס פנים אויך פער־דעקט מיט צייטונגען, אזוי אז מע זעהט איהם ניט ארויס. מיר זענען שוין ארויס פון דער פארשטאדט מיט איהרע פיעלע פערשיעדענע פא־בריקען, מיט איהרע שרעקליך גרויסע שילדען אויף אלע ווענד, אלע דעכער, אלע דריקעס, וואו עס איז נור דא א שטיקעל לעדיג פלאץ, א לעדיג ווינקעל. ארויס, דאנקען גאט, פון דער וואכעדיגער וועלט. ארום שטעהען געדעכטע וועלדער. די גרויסע, אלטע גרויע ביימער שטעהען שורות־ווייז און זעהען אויס, ווי קאלאנען פון א גרויסען טעמפעל. אין וואלד איז נאך שא־שטיל. די שיין פון דער זון שלאגט זיך קוים דורך דורך די געדעכטע צווייגען און גרינע בלעטער און בע־שפריצט דאס גראז צווישען די ביימער מיט זילבערנע פלעקען, מיט זילבערנע פונטעליך. ווי וואהל, ווי זיס איז דאס שטילקייט פון דעם וואלד, אונטער דעם געדעכטען גרינען דאך! ווי ציהט עס מיך אהין אין דעם שטילען, רוהיגען גן־עדן, וואס ווייזט אויס ווייט, טויזענדער מיילען ווייט, פון יענער נארישער וואכעדיגער וועלט, מיט איהר נאריש, פער־קנעכטעט לעבען. טויזענד שטעדט, ווי וויען, מיט אלע זייערע גרויסע הייזער, פאלאצען, טעאטרען, מיט אלע זייערע רייכקייטען און תענוגים, פאר איין ווינקעלע אין דעם וואונדער־שענעם וואלד־טעמפעל! ער רייניגט דעם גייסט, לייטערט די נשמה און פולט אן דאס הארץ מיט א מין געטליכע פרייד. ווייטער ארום־און ארום ציהען זיך שורות־ווייז הויכע הינעל, בעדעקט מיט גרינע דעקען פון זאפטיג גראז, בעוואקסען ערטערווייס מיט געדעכטע, שווארצע וועלדער; צווישען די הינלען און אפט אויף זיי זענען צעווארפען דערפליך מיט ווייסע, ליעבליכע הייזליך, מיט גרינע לאדענס מיט קליינע גאנעקליך, מיט שענע, שפיציכדיגע דעכער פון האלץ אדער פון שונדלען. און איבער אלע הייזליך קוקען ארויס די פערשפיצטע קאפאלען פון די קאטאלישע קירכען, וואס העבען זיך אויף הויך אין דער ריינער לופט, ווי פיילען.

גאר נאהענט ביים וועג ציהען זיך כמעט כסדר שענע פראכטיגע ווילעס, געבויעט מיט פיעל געשמאק, וואס קוקען ארויס, ווי פויגעל־נעסטען פון צווישען געדעכטע גערטנער, ארומגעזעמט מיט וואונדער־שענע בלומען. און איבער דעם אלעמען שוועבט דער שטילער גייסט פון דעם זיסען זומערדיגען פריהמארגען מיט זיין שטילער שיינקייט, מיט זיין זיסער, פרישער ערקוויקענדיגער לופט, אנגעזאפט מיט רחות פון בלומען, וועלדער און פריש גראז. אלעס זעהט אויס אזוי אויפגעלעגט, פול מיט שטילער פרייד, ווי א קינד, וואס האט זיך נור־וואס אויפגעהאפט פונ'ם שלאף און די מוטער געהט צו איהם צו און זאגט: "דו ווייסט, מיין נשמה — היינט איז יום־טוב". יא, ס'איז יום טוב אין דער נאטור, עס איז יום־טוב ארום־און ארום. אלעס שמייכעלט, אלעס קוקט אזוי גליק־ליך, אלעס שיינט און פונקעלט.

און איך פארגעס אויף א ווייליע, אז דאס איז א "עולם שאינו שלי" — אז דאס איז גאר א פרעמדער יום־טוב, אז די גאנצע פראכט און שענקייט פון דער נאטור איז גאר ניט פאר מיר, איך קען נור אויף זיי קוקען און זיי בעוואונדערען. דער זיסער שטילער גייסט, וואס שוועבט איבער אלעמען, גנב'עט זיך אריין צו מיר אין הארצען און העבט דארט אן אלעס צו בערוהיגען. איך שטעה ביים פענסטער, ווי פערצויבערט, פערגעסען די גאנצע וועלט, גלייך, ווי צונויפגעשמאלצען מיט דיא שענ־קייטען פון דער נאטור. נאר בשעת מיר שיינט, אז איך בין רוהיג און פיהל עפיס א מין פרייד, העבט זיך טיעף, טיעף אין הארצען עפיס צו ריהרען, און פאר די אויגען העבט מיר אן שוועבען א שווארצער וואלקען, און א שטילער טרויער פערוויקעלט ביסליכווייס אלע מיינע געפיהלען. דארט אין דער ווייט אויף א הויכען הינעל, וואס איז הונטען בעוואקסען מיט וואלד, שטעהט איין אלטע הורבה פון איין אלטען שלאס, מיט האלב צופאלענע טורמעס, מיט שווארצע לעכער אנשטאט טיהרען און פענס־טער, מיט פערשווארצטע וועגד מיט גרויסע שפאלטען, פון וועלכע עס וואקסען ארויס קליינע ביימליך. און ניט פיהלינדיג, בשעת די אויגען קוקען אויף די וואונדער־שענע געגענד, זענען שוין מיינע געדאנקען ווייט, ווייט׳ גאר אין איין אנדער וועלט, מיט מיינע גייסטיגע אויגען זעה איך שוין גאר אנדערע בילדער און עס הערט זיך מיר א ווידער־קול פון א צובראכענער שטומע, וואס וויינט און קלאגט און אין די אויערען קלינגען מיר די ווערטער: עד אנה בכיה בציון ומספד בירושלים" *)

דער יונגער מאהלער האט זיך געשטעלט נעבען מיר און שרייעט ענטציקט: "אבער דיעזע רואינע די דען הינעל קרענט", און ער העבט מיר אן פארשטעלען וואס פאר א העכסט שענער פעזאזש דאס וועט זיין דער דאזיגער הינעל, ארומגעגורטעלט מיט א געדעכטען וואלד, גע־קרענט מיט דער רואינע (הורבה). ער רעדט נאך פיעל, אליין ענטציקט, אבער איך הער וועניג, מיר גליסט זיך גאר ניט צו רעדען און אויך ניט צו הערען. איך קוק אלס אויף דער הורבה און פאר מיינע אויגען געהען דורך פיעל עלטערע הורבות, צעווארפענע צעשמעטערטע איבער דער גאנצער ערד און פון די אלע הורבות שרייעט ארויס אלין די אייגענע קלאג־געדיגע שטומע: "עד אנה בכיה בציון ומספד בירושלים"...

דער צוג פליהט צו שנעל און די שענע, ליעבליכע לאנדשאפטען פליהען דורך, ווי א חלום; אויף די סטאציאנען שטעהט ער א מינוט ניט מעהר. ארום איינס קומען מיר קיין לינין, ווי דער צוג שטעהט צוואנציג מינוטען. דאס איז א זעהר שענע שטאדט, וואס ליעגט ביי דער דאנוי, וועלכע איז דא שטארק ברייט. זי איז ניט גרויס, האט ביז זעכציג טויזענד איינוואהנער, אלע הייזער, אלע געביידען זענען אזוי שען, ליעבליך, אלעס איז בעהאלטען אין שאטען פון געדעכטע ביימער. אזוי ווי די גרויסע שטעדט זענען אבשטאסענד, אזוי זענען די קליינע אין עסטערייך ליעבליך און אנציהענד. עס ווערד עפיס לעכטיג און פרעה־ליך אז מע קוקט אויף זיי און אין יעדער פון זיי וואלטען געוואלט בלייבען אויף א צייט אדער זיך בעזעצען.

נאך לינין האבען זיך שוין אנגעהויבען ארויסווייזען נאך אזוי ווי פארהאנגען מיט א לייכטען דינעם בלויליכען פארהאנג פון נעבעל (טאמאן) די הויכע בערג, די קדשי־קדשים פון דער נאטור, וואס האבען אויסגעוויזען, ווי געדעכטע שווארצע וואלקענס, וואס האבען ארום־און־ארום בעלעגט דעם הימעל. — ארום האלב פיער זענען מיר געקומען קיין זאלצבורג. איך האב געוואהר־געווארען, אז דער צוג קיין אינסברוק געהט ערשט נאך זיבען. איבער פאהרען ביי נאכט די וואונדער־שענע שטרעקע האב איך ניט געוואלט און בעשלאסען דא צו נעכטיגען. און איבער געלאזט די זאכען אויף דעם באהנהאף, האב איך מיך געלאזט געהען אין שטאדט אריין, אזוי ווי מע געהט צו א גוטער, ליעבליכער בעקאנטע.

בן־עמי.

## מכה די הדרים.

איך מיין ניט צו טענה'ן דא די אלטע טענות מכה די הדרים, וועלכע עקסיסטירען ביי אונז נאך פון אלטע יאהרען אן, אז זיי, די הדרים, זענען ענג, שמוציג א. ד. ג. — ניין, ניישט דאס בין איך אויסען. יענע אלע טענות זענען, נאך מיין מיינונג, געוועזען אלע מאל פאלשע טענות; דען עס הענגט דאך אב פון די "בעלי־בתים" אליין, צו דינגען, אויף זייער רעכנונג, א גראמע, א ליכטיגע און א ריינע דירה אויף א חדר פאר זייערע קינדער, און ניט אנווארפען אויף דעם ארימען מלמד נעביך, אז ער זאל דינגען א חדר, אויף זיין רעכנונג, נאך זיין השגה, נאך זיין פערדינסט נאך, און דערמיט, גלויב איך, וואלטען אויפהערען אלע טענות. און בפרט היינטיגע צייטען, אז די ציוניסטען מאכען אומעדום חדרים, ניט פראסטע, "אבראזצאווע", מעגען מיר זיך זיכער פערלאזען אויף זיי, אז זייערע חדרים וועלען געוויס זיין ווי געהעריג איז, לויט ווי ס'שטעהט געשריבען אין דער "פראגראמע", און מיר פערשפארען פון דעם גאר צו רעדען.

*) ביז ווי לאנג נאך וועט זיין א געוויין אין ציון און א קלאג און ירושלים!

איך מיין אבער עפּיס אַנדעריש: ווי ס'ווייזט אויס, האָבען אונזערע דעליגירטע, דאָרט אויפ'ן ציוניסטען־קאָנגרעס, אין באַזעל, נור גערעדט מכּה די "חדרים", אָבער מכּה מלמדים פאַר די חדרים האָבען זיי, ווי ס'האָט אַ פּנים, גאָר ניט געטראַכט; ס'איז ווי עס שיינט, גאָר קיינעם ניט איינגעפאַלען אַ טראַכט צו טהון, וואו ווען מיר נעמען "אַבראַזצאָווע מלמדים", ניט פּראָסטע, פאַר די "אַבראַזצאָווע חדרים"? מילא אויף די אויסלענדיישע — איז ניט קיין וואונדער, זיי האָט עס ניט געקענט איינפאַלען, ווייל ביי זיי זענען דאָ געווענליכע מלמדים, פּעדאַגאָגען, זיי פעהלען נור חדרים, דאַרום האָבען זיי נור גערעדט "מכּה די חדרים"; אָבער אונזערע דעלעגירטע, צווישען וועלכע האָבען זיך געפונען איינינגע פון אונזערע "שרייבער'ס" אויך, זיי וויסען דאָכט זיך גאַנ'ץ קלאָהר, אַז חדרים האָבען מיר, ברוך־השם, נאָך מעהר אפשר ווי פיעל מע דאַרף; ווי שיקט זיך עס, וואָס זיי איז גאָר ניט אויפגעפאַלען די פראַגע: וואו וועט מען נעהמען מלמדים, רעכטע מלמדים, ווי נעהעריג איז, פאַר די ציוניסטיישע חדרים?

און באמת רעדענדיג איז דאָך דער "חדר" ניט מעהר אַלס אַ גוף, די נשמה פון דעם חדר איז דאָך דער מלמד; און ווי שיין, ווי פיין דער גוף זאָל ניט זיין, וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער ווען ס'פעהלט איהם אַ נשמה?

— ס'טייטש?! — וועט אַ יוד פרעגען פערוואונדערט — וואָס הייסט? וואו זענען עס מיט אַמאָל פערשוואונדען געוואָרען אַלע מלמדים? דאַכט זיך אַז ס'קומט "בין־הזמנים", בעפאַלען זיי ווי דער היישעריק, און פערדולען דעם קאָפּ מיט זייערע מלמדיישע שטוקעס... קען מען דען פון אַזוי פיעל ניט אויסקלויבען קיין "אַבראַזצאָווע מלמדים"? — ניין, ליעבע ברידער! אָט די דאָזיגע מלמדים זענען גאָר קיין מלמדים ניט. די לייט זענען נור מבזה דאָס מלמדות ביי יודען, איבער זיי שטעהט עס ניעדריגער ווי ביי אַלע אַנדערע פעלקער; צווישען די לייט איז אין גם אחד, געפונט זיך ניט קיין איין רעכטער מענש! אַ אַנשטענדיגער מלמד וועט ניט געהן אַנשלאָגען זיך מיט זיין סחורה, ווי דער פּאַקענטרעגער, נאָר ער וואַרט ביז מען רופט איהם. אמת, עס געפונען זיך אויך צווישען די אַלט־מאָדישע מלמדים גאַנ'ץ פיינע מענשען, אָבער זעהר וועניג, און די אויך, שטעהען שוין מיט איין פוס אויף יענער וועלט; און מחמת דעם וויל איך דאָ מכּה זיי גאָר ניט רעדען...

— און וואו זענען די נייע לעהרערס מיט די נייע מעטאָדעס, וואָס לעהרנען אויס, ווי מיט אַ מאַשינקע, לעזען אין 3 שעה און רעדען און שרייבען העברעאיש אין 3 חדשים? וועט פרעגען דער צווייטער.— אויף דער פראַגע אָבער איז זעהר ניט אַנגענעהם צו ענטווערען; דען ס'איז אַ חרפּה צו רעדען און אַ וועהטאָג צו שווייגען... אָט די שפּיגעלנייע לעהרערס, מיט די מאַשינקעס, זענען במחילה, על פּי־רב, פּשוטע "עמי־הארצים", דען יענע אַלטע מלמדים, ווי זיי טויגען אויף גאָר נישט, דאָך, וועניגסטענס, האָבען זיי געלערנט אַמאָל אין חדר "חומש מיט רש"י" און אַ בלעטיל "גמרא", אָבער די נייע קונסטלער, זאָל זיי צו קיין חרפּה ניט זיין, האָבען דאָך אויסגעלערנט "כּל התּורה כּלה" אויף איין פוס, פון די נייע מעטאָדעס; און קיין תנ"ך, און פּשיטא שוין עפּיס אַנדעריש, האָבען זיי אין די אויגען ניט אַנגעזעהן — עפּיס האָבען זיי יאָ געהערט רעדענדיג פון תנ"ך: די נייע פּעדאַגאָגען האָבען אין גאַנצען פערבאָטען צו לעהרנען תנ"ך מיט יודישע קינדער, ווייל ס'ווירקט זעהר שלעכט אויף זייערע שוואַכע נערווען א. ז. וו.. און וואָס אַנבעלאַנגט די איבעריגע זאַכען צב"ש, "אויפפיהרונג" און "טאַקטיקע", א. ד. ג. זענען זיי גאַר ניט בעסער פון יענע אַלטע "היישעריק־מלמדים", ווי געזאָגט. דער חילוק צווישען די "לעהרערס" און יענע "מלמדים" איז, כּמעט, דער זעלבער וואָס צווישען די "מטיפים" און יענע "מגידים"; דער זעלבער חילוק וואָס צווישען דעם ערשטען "יקום־פּרקן" צום צווייטען....

— און וואָס איז מיט די ציוניסטישע מלמדים, וועלכע לערנען העברעאיש איבערזעצט אין העברעאיש?

— יאַ, איך האָב געהערט פון דעם רעדען, אָבער, וואָס אמת איז אמת. כ'האָב עס נור געהערט ערצעהלענדיג, גאָר הערען מיט אייגענע אויערען, ווי מע זעצט איבער "העברעאיש אין העברעאיש", האָב איך לעת־עתּה ניט געהערט עד־היום. שען וואָלט עס אַפילו געווען, ווען מע זאָל עס קענען אויספיהרען פּראַקטיש; ווי זאָגט מען אָבער, פון "וכך היה אומר" ביז "וכך היה מונה" געהען גאַנצע בלעטער, דאָס הייסט פון רעדען ביז טהון איז נאָך גאַנ'ץ ווייט... וואויל איז דעם וואָס גלויבט! נאָר איך מיין, אַז דאָס קען נור אויסגעפיהרט ווערען דאַמאָלס, ווען מיר וועלען זיין, אם־ירצה־השם, אין אר'ץ ישראל, און אַלע וועלען רעדען העברעאיש, און בפרט אַ מוטער מיט די קינדער; זעהט איהר, דאָרט איז עפּיס אַנדעריש, חאָטש דערווייל זאָגען אַנדערע אַז אַפילו אין די דאָרטיגע הדרים אויך, רעדט זיך דאָס העברעאיש אויך ניט שטאַרק "העברעאישדיג"... ס'קען זיין דאָס איז טאַקי אויך מחמת דעם זעלביגען טעם, וואָס ס'רעדט זיך דאָרט אויך העברעאיש נור אין דער שולע, אָבער אין גאַס און אין דער היים, רעדט מען גאָר אַראַביש, אָדער פראַנצויזיש, אָדער במחילה גאָר זשאַרגאָן; סיי ווי סיי ביי אונז איז עס, דאַכט זיך, כּמעט אונמעגליך, דען ביי אונז, איז די ערשטע שפּראַך, וואָס דאָס קינד דערהערט אַרויסקומענדיג אויף דער ליכטיגער וועלט, איז רוסיש אָדער זשאַרגאָן; פריהער פון די עלטערן נאָכדעם פון די חברים, א. ז. וו. און אַפילו אויך פונ'ם העבראַישען לעהרער, ווייל קיין אַנדער שפּראַך, חוץ זיין מוטערשפּראַך, פערשטעהט דאָך דאָס קינד ניט, מוז ער, דער לעהרער, דאָך זיך ערקלעהרען, אויפרעדען זיך מיט איהם, אין דער שפּראַך וואָס ער פערשטעהט, נאָכדעם ער הייבט אָן מיט איהם "העברעאיש אין העברעאיש", ווי געזאָגט. —

אַ חוץ דעם איז דאָ זעהר פיעל אַנדערע מניעות, וועלכע שטערען צו דורכפיהרען די מעטאָדע פּראַקטיש. זאָל שוין זיין, ווי זיי זאָגען, אַז איינינגע ווערטער קען מען אפשר ערקלערען אַ קינד אויפ'ן וואונק און מיט דער מימיקע צב"ש: "לעהרער" וועט ער זיך אויפהייבען און ווייזען מיט דער האַנד אויף זיך; "שילער" אָננעהמען מיט די הענד דעם תּלמיד און אונטערהייבען און אַנידערזעטצען איהם צוריק אויפ'ן אָרט א.ד.ג., —ווי וועט ער אָבער ערקלערען אַ קינד, למשל, די נאַטור? ווי וועט ער איהם אויסדריקען אַ ווינד, אַ דונער, אַ בליטץ? אָדער גראָז, פעלד, טאָהל און נאָך און נאָך זאַכען, אָדער בעגריפע וואָס מען קען אַפילו אויף קיין בילדער אויך נישט אָנווייזען מיט די פינגער?... עפּיס וועט מען מוזען געהן לערנען (ווי פאַרצייטיגע פילאָזאָפען) אין די פעלדער און אין די וועלדער, אויף בערג און טאָהלען. דאַכט זיך אַז דאָס איז אַביסעלע צו שווער פאַר אונז לעת־עתּה... יאָ, ס'איז צו פריה! נאָר אַזוי איז שוין אונזער נאַטור: מיר פליהען צו הויך, אָדער גאָר — אָדער גאָר ניט! גאָר ניט לערנען קיין העברעאיש... אָדער לערנען "עברית בעברית"! אַוודאי איז זעהר אַנגענעהם צו רעדען פון אַזאַ פיינע אידעע, מען קען עס ניט אָבלייגנען, אָבער פּראַקטיש אויספיהרען איז נאָך צו פריה!...

נאָר זאָל טאַקי זיין ווי זיי זאָגען, אַז מע קען לערנען העברעאיש מיט העברעאיש; אָבער דאָס מוזען זיי אויך מודה זיין, אַז צו דעם מוז מען האָבען אַ מלמד אָדער אַ לעהרער, ווי מע רופט עס היינט, ער זאָל, פריהער ווי אַלין אַליין קאָנען גוט העברעאיש, אַזוי אַז ער זאָל קאָנען אַבזוכען, אין דער העברעאישע קורצער שפּראַך, געוויינליך ווערטער און אויסדריקע (העברעאישע מיין איך, ניט טירקישע), אום צו אויפרעדען זיך מיט אַ קינד. בלייבט דאָך אַלין די פראַגע: וואו נעהמט מען היינטיגע ציי'טען אַזעלכע מלמדים? טאָמער זענען ערגיין פערהאַן, אַלס אויסנאַהמע, עטליכע יונגע לייט וואָס קענען, נישט־קשה, העברעאיש (מע דאַרף ניט פערגעסען אַז ניט אַלע וואָס קאָנען העברעאיש ווילען זיין מלמדים), קען מען דען זיי צערייסען און איינטהיילען שטיקליכווייז, ווי "מרור" פסח צו די "סדרים"?

און בּמה דברים אמורים ווען איז דאָס אַלין גערעדט געוואָרען, אין די מקומות, וואו דאָס "יודיש" לערנען איז ווי אַ פינפטע ראָד צום וואַגען... וואָס טוהט מען אָבער דאָרט, וואו די עלטערן שעמען זיך ניט מיט דעם וואָס זיי אַליין קענען "יודיש", און זיי ווילען, אַז זייערע קינדער זאָלען אויך קענען "יודיש", אַזוי זיך — גאָר ניט מחמת ציוניזם נאָר ווייל זיי זענען יודען, און זיי ווילען גאָר ניט וויסען פון קיין

גליקען, פון קיין קונצען; זיי ווילען, פּשוט, זייערע קינדער זאָלען קענען גוט „תנ״ך“ מיט „דקדוק“, זאָלען קענען „לשון־קדש“ לעזען (אָהן נקודות מיינט מען) און שרייבען, ווי געהעריג איז, זיי זאָלען ניט לערנען תנ״ך „פון מצוה וועגען“, ווי אַ מאָל, און ניט אויסלערנען פּלוידערען איינינע העברעאישע פראַזען אום צו „אנטוואָרטען אויף דעם לעהרער׳ס פּראַגען“ ביים עקזאַמענירען, ווי היינטיגע מאָדע; דאָ מוז מען דאָך טאַקי לערנען, ווי געהעריג איז; דאָ געהען דאָך ניט אָן די אַלע מעטאָדעס, מיט די שוואַרצע קונצען, מיט די שטוקעס, וועלכע די געוויסע פּעדאַגאָגען אונ־זערע פּערבלענדען די־אויגען פון די אונוויסענדע עלטערען; דאָ געהען דאָך שוין ניט אָן די אַלע פּאָקוסען, וועלכע זענען, אייגענטליך, געמאַכט געוואָרען אויף ניט צו לעהרנען, און פּאַר די לעהרער, וואָס האָבען גאָר ניט נעלערענט, און קענען גאָר ניט; דאָ מוז מען דאָך טאַקי לערנען, און אום צו לערנען מוז מען דאָך קענען, און פּערשטעהען, ווי, און וואָס, און מיט וועמען צו לערנען — וואס זאָל מען דאָרט טוהן?!...

אַנדערע זאָגען: „וואָס טוינען גאָר די חכמות און די חקירות, זאָל מען לערנען, און אַז מע לערענט דערלערענט מען זיך, סוף כל סוף. — מע דאַרף אָבער ניט פּערגעסען אַז היינט איז ניט דאָס וואָס אַ מאָל איז געוועזען — אַז דאָס קינד האָט געלערנט צוועלף שעה אין מעת־לעת, און אַזוי האָט עס אָבגעלערנט ביז אַכטצעהן יאָהר; דאַמאָלס האָט מען, באמת, ניט געדאַרפט פיעל קלוגען זיך, דאַמאָלס איז געווען גוט ווער עס האָט געלערנט, און ווי מען האָט געלערנט; אָבער היינט איז דאָך: „די צייט קורץ, אַרבייט איז פיעל, און די אַרבייטער זענען פויל“ — מוז מען זיך קלוגען; דאַרף מען זעהן, אַז די קורצע צייט, וואָס אונזערע קינדער לערנען נאָך ווי ס׳איז יודיש, זאָל ניט געהן פּערלאָרען; וואָס מע קאָן אַריינחאַפּען איז ווי געפּונען, דען נאָכדעס, שפּעטער, געפינען זיך היינטיגע צייטען נייטיגערע זאַכען פון העברעאיש לערנען, צב״ש: שפּילען, טאַנצען, א. ד. ג. און וואָס איז דען ניט נייטיגער פון „יודיש“?.. און דאַרום מוזען מיר האָבען היינט, מעהר ווי אַלע מאָל, גוטע מלמדים און רעכטע פּעדאַגאָגען; זיי זאָלען אַליין קענען און זאָלען פּערשטעהן ווי צו אונטערריכטען, ווי צו איינשפּאַרען די צייט, צו פּעראינטערעסירען די קינדער, זיי זאָלען ליעבען דעם לעהרער מיט׳ן לערנען א. ז. וו., — וואו נעהמט מען אָבער אַזעלכע?!.... איבערהויפּט איז דער חורבן פונ׳ם מלמדות געוואָרען אַזוי גרויס פון דער צייט וואָס ס׳איז אַרויס דער נייער דין (פון 1 מאַרט 1893) אַז „הכל שוחטין“, אַלע מענען קנעלען, אפילו אַ בעל־עגלה, אַז ביי איהם פּאַלט דאָס פּערד, געהט ער און בעצאָהלט 3 רובל, און נעהמט אַ שיין און מאַכט אַ „חדר“ און ער שיינט — אַז אָך און וועה ווער זענען איצט אונזערע מלמדים!

ניין, אַזוי קאָן עס לאַנג ניט דויערען! מען רעדט שוין שטאַרק איבער אונזערע פּעדאַגאָגען דאָרט אין די הויכע פענסטער; אַביסעל פריהער אָדער שפּעטער וועט מען דאָס מלמדות אין גאַנצען אָבשאַפען, און דאַמאָלס — וועלען מיר מוזען נעהמען מלמדים וועמען מע וועט אונז געבען, באין ברירה...

וואָלט דאַכט זיך געווען גלייכער, מיר אַליין זאָלען, בעצייטען, בעטראַכטען עפּיס אַ מין עצה, ווי אַזוי צו אויסבעסערען דאָס מלמדות, פיעל מעגליך איז; אַזוי, אַז אַנדערע זאָלען פּערשפּאַרען צו זאָרגען פּאַר אונז.

* * *

ראשית חכמה, פריהער פּאַר אַלץ, מוזען מיר אַרויסשלעפּען דאָס מלמדות פון דער בלאָטע; אַביסעלע אויפהעבען עס, ס׳זאָל האָבען אַ שטיקעלע פּנים, אויב ניט ווי ביי אַנדערע פעלקער, לכל הפּחות, דער נאָמען מלמד זאָל ניט מעהר זיין צו שאַנדע און צו שפּאָט, אַז נישט וועט קיין אַנשטענדיגער מענש ניט וועלען שטודירען מלמדות; דען ווער וויל דאָס זיין צו שפּאָט? און דאַן, גלויב איך, וועלען זיך געפונען פעהיגע יונגע לייט, וועלכע וועלען זיך נעהמען צו שטודירען די פּעדאַ־גאָגיע, אום צו זיין גוטע מלמדים; ס׳פאַרשטעהט זיך נור ווען זיי וועלען וויסען אַז מלמדות קען געבען פּרנסה בריוח, און צו דער עלטער וועלען זיי ניט דאַרפען געהן איבער די הייזער, ווי ס׳פיהרט זיך ביי אונז.

אָבער דאָס קען אַנדערש ניט זיין, סיידען מען זאָל צו נעהמען די חדרים פון די מלמדישע הענד, נאָר אין יעדער שטאָדט זאָל די יודישע געמיינדע אויסוועהלען, מיט די ערלויבונג פון דער ממשלה, אַ קאָמיטעט, וועלכער ס׳זאָל איינאָרדנען און זאָל פיהרען די חדרים; זאָל מאַכען אַ פּראָגראַמע, זאָל וועהלען לעהרער־ביכער, מלמדים, זאָל זיי, די מלמדים, עקזאַמענירען, קאָנטראָלירען, זיי צאָהלען שכר־למוד, וועלכען דער קאָמיטעט וועט בעקומען פון די עלטערען; און דער מלמד, וועלכער וועט אָבלעהרנען אַ געוויסע צייט אין אַזאַ מין חדר, זאָל נאָכ־דעם בעקומען פּענסיאָן, ווי ס׳פיהרט זיך ביי לייטען; מיט איינעם וואָרט ווי ס׳געהט צו אין איין אַלגעמיינע שולע - דאַמאָלס, גלויב איך, וועלען מיר קענען האָבען גוטע מלמדים, וועלכע וועלען באמת טויגען פּאַר דעם יונגען דור. *)

דער קאָמיטעט, פערשטעהט זיך דאַרף ניט זיין אויסשליעסליך פון ציוניסטען אַליין; נאָר ער דאַרף בעשטעהן פון אַלערליי קלאַסען, דאָמיט אַלע זאָלען האָבען צוטרויען צו איהם. און ווען נור די זאַך וועט געהן גוט, ווי געהעריג איז, און ווי ס׳איז צו האָפען, וועט דאָך דער „חדר“ ממילא זיין ציוניסטיש, דען אייגענטליך איז דאָך יעדער גוטע זאַך, וואָס ס׳ווערד געטוהן פּאַר׳ן כלל ישראל, געהט׳ס אַריין אין דער פּראָגראַמע פון דעם ציוניזמוס, און דאָס הייסט שוין געטוהן פּאַר׳ן ציוניזמוס; ציוניזמוס איז דאָך ניט מעהר אַלס אַ נייער טערמין, זאָל זיך יעדער געבען אַ נאָמען אָדער אַ טערמין וועלכען ער וויל, נור זיין כּוונה זאָל זיין צו גוטען.

איך גלויב אַז ווען די זאַך זאָל אויסגעפיהרט ווערען, ווי ס׳געהער צו זיין, ס׳פערשטעהט זיך דורך טיכטיגע מענשען, וואָס ווייסען ווי אַזוי צו אָרדענען אַזאַ זאַך; וואָלטען זיך, נאָך היינט אויך, אָבזוכען פיינע און רעכטע יונגע לייט מלמדים, לויט וויא דער ציוניזמוס פערלאַנגט, און מיר וואָלטען ניט דאַרפין דער וייל לעגען די ציין אויף דער פּאָליצע, ווי מע זאָגט, און וואַרטען ביז ס׳וועלען געבוירען ווערען פּאַר אונז מלמדים פון דעם מלמדישען אינסטיטוט, וואָס מיר טראַכטען צו גרינדען אַמאָל אין ארץ־ישראל. כ׳גלויב, אַז ווען בייא אונז וואָלט געוועזען אַ שטרענגער קאָנטראָל אויף מלמדים, ס׳פּאַרשטעהט זיך פון מבינים און קאָמפּיטענטע אין דער זאַך, וואָלט מען אפשר, ווי ס׳איז, אויסגעקליבען לעת־עתּה, די בעסטע מלמדים און לעהרערס פון די וואָס עקסיסטירען ביי אונז איצט, ביז דער ציוניזמוס וועט אונז פערפאָרטיגען אַנדערע בעסערע פון די; אונ דאַן וועלען מיר קענען האָפען אויף בעסערע צייטען ....

י. י. ווייסבערג.

# בריעף פון אַ רייזענדער.

## III.

ווי איינער וואָס לויפט פון פייער אָדער פון וואַסער בין איך גע־לאָפען פון „תלמוד־תורה“. איך בין געלאָפען, ס׳האָט מיך ווי אַ שטראָם געטראָגען, איך האָב אַליין ניט געוואוסט: פון וועמען, פּאַר וואָס און

*) ס׳וואָלט אויך זעהר נייטיג געווען ראָס דער שול־קאָמיטעט (שקאָל-נאיא-קאָמיסיא) זאָל יעדעס יאָהר אָבדרוקען אַ ריכטיגען חשבון פון זיין אַרבייט און רעזולטאַט אין דעם יאָהר, ס׳זאָל זיין בעוואוסט פאַר אַלעמען און ס׳זאָל דינען פאר א מוסטער; און אללע 3 יאָהר זאָל זיין א אסיפה אין א בעשטימ-טען אָרט, וואהין ס׳זאָלען זיך צונויפּפאָהרען דעלעגירטע פון פיעל קאָמיטעטען. דאָרט וועט מען זיך מישב זיין און האלטען עצות ווי אזוי צו אויסבעסערען די פעהלערען פון די חדרים, וועלכע ס׳פערשטעהט זיך קענען ניט מיט איין מאָל ארויס פאַלקאָם. מלמדים און לעהרערס דאַרפען פון זיך אויך אויסקלייבען אזעלכע וואָס זאָלען נעהמען א טהייל הן אין די קאָמיטעטען הן אין די אסיפות. איבערהויפט מוז מען זעהען אז סיי אין די קאָמיטעטען סיי אין די אסיפות זאָלען אויסגעוועהלט זיין נור געניטע און קאָמפּיטענטע מענשען וואָס פערשטעהען פעדאגאָגיע, וואָס ווייסען ווי צו אָרדענען א שולע פאַר קינדער, וואָס האָבען גרויס מבינות צו אונטערשיידען פון א גוטען פעדאגאָג באמת צו אַזעלכען וואָס קען נור פערבלענדען די אויגען, מיט בעריהמען זיך און מיט חניפות א. ד. ג., און ס׳זאָל זיך חלילה ניט פיהרען אין דעם קאָמיטעט אויך ווי אין כמעט אלע יודישע אנשטאלטען, אז „דער וואס האט די מאות יענער האט די דעות...“

וואהין. מיר האט זיך אויסגעוויזען עפּיס, אויף מיין אלטען שטיינער, אז איך בין עס נור־וואס פון „בית־עולם" אראב. אין דרויסען איז שוין רעכט פינסטער, ארום־און־ארום איז פוסטע פעלדער, ניטא קיין מענש, ניטא קיין לעבעדיגע נשמה, איך געפין זיך איינער אליין, א לעבעדיגער, צווישען אזוי פיעל טוידטע, אזוי לאנג געשטארבענע... און דא ווייזט זיך מיר אויס, אז די פאר דער צייט געשטארבענע קינדער, די לעבעדיג־בעגראבענע נפשות, יאגען מיר נאך מיט כל־הכחות, האפען מיך פאר די פאלעס, שלעפען מיך מיט, מיט זיך, און שרייען מיר אין די אויערען אריין מיט שרעקליך שניידענדע קולות: „זעה וואס מען האט פון אונז געמאכט, זעה וואס מען האט אונז געטהון!" גלייך ווי איך וואלט שולדיג געוועזען אין דעם וואס מען האט זיי מקצר געוועזען די יאהרען; גלייך ווי איך וואלט שולדיג געוועזען אין דעם וואס מען האט זיי קליינער־הייד, לעבעדיגער־הייד, בעגראבען...

נאר ניט נור צעטראגען און צעשראקען בין איך געלאפען, אבער אויך פערשעמט. איך האב זיך געשעמט פאר די תלמוד־תורה קינדער, פאר די קהל'שע קרבנות, פאר די צעהנדליגע טויזענדער לעבעדיגע נפשות, וועלכע ווערען גאר און גאנץ אונשולדיג, אוועקגעווארפען אויף הפקר, אויף גאטס־בעראטה, אויפ'ן גאס, און קיינעם הארט גאר ניט טאמער וועלען זיי אויסגעהען פון הונגער, שטארבען פון קעלט, צעטרעטען ווערען אונטער די שווערע פיס, וועלכע שפאנען שטאלץ און רוהיג איבער די גאסען; איך האב זיך געשעמט פאר די עלטערן פון די „תלמוד־תורה"־ניקעס, וועלכע ווערען אזוי אומ'ברהמנות'דיג גענארט און זיי מיינען נעביך אז זייערע קינדער ווערען דא מענשען, שטאדט זארגט פאר זיי, אז זאלען זיין לייטען גלייך; איך האב זיך געשעמט פאר רבי שמערל'ן און פאר רבי יואל'קען, די תלמוד־תורה־נבאים, איך האב ניט געקענט — חאטש אפילו נור אין געדאנקען — גלייך אין די אויגען קוקען. ס'ליעגט שוין אזוי אין נא־ישען מענשענס נאטור, אז בשעת ער זעהט יענעם טהוענדיג א עולה, קאן ער דעם „בעל־עולה" אין די אויגען ניט קוקען... איך האב זיך געשעמט פאר מיין ליעב פאלק ישראל בכלל און פאר מיינע אביוניוקער ברידער בפרט, און איבערהויפט פאר די רעדעל־פיהרער זייערע, וואס דרייען אום די יודישע לעבענסראד הונדערט מאל א יאהר, שטעלען זיך אב אויף אלס אין שטאדט: אויף פרעמדע געשעפטען, אויף פרעמדע באנקראטען, אויף פרעמדע אינטערעסען, וועלכע זענען א גראשען ניט ווערטה, נאר אויף די „תלמוד תורה", אט ווי אויף צו להכעיס, שטעלען זיי זיך קיינמאל ניט אב, ווי זי וואלט גאר אין שטאדט ניט געוועזען...

און דאכט זיך אביוניוקע איז א רוהיגעס שטעדטיל, ניטא קיין גרויסע געשעפטען, ניטא קיין גרויסער שווינדעל, ניטא קיין גרויסע פרנסות, רוהיג שטיל, פאר וואס אייגענטליך, זאלען זיי זיך טאקי ניט ארומקוקען וואס טהוט זיך מיט זייערע קינדער?

דאגת־פרנסה! — זאגט מיר א קול פון דער לופט — דאס פערדרעהט די קעפ אזוי שטארק, אז זיי קענען מעהר זיך ניט אבגעבען מיט קיין זאך וועלכע איז ניט נוגע דעם שטיקעל ברוידט...

אבער ווידער צוריק — האב איך זיך אליין געענטפערט — טאקי וועיל זיי, די טאטעס, ווייסען וואס דאס איז אזעלכעס „דאגת־פרנסה"; טאקי ווייל זיי ווייסען וואס הייסט א שווער, ביטער לעבען, דארפען זיי זיך בעמיהען מיט אלע קרעפטען אז זייערע קינדער זאלען שוין מעהר אזעלכע שווערע „דאגות" ניט דארפען טראגען; אז זייערע קינדער זאלען קענען האטש איין עטוואס לייכטערעס, עטוואס זיסערעס לעבען פערברענגען...

און ווידער, אויב זיי, די הונגעריגע, הילפסלאזע טאטעס, קענען זיך ניט העלפען און קענען זייערע קינדער ניט העלפען, וואו זענען אלזא די זאטע, די געהאלפענע, די פון גאט מיט זיין פולער האנד געבענטשטע אין אביוניוקע? זיי אלע האבען דאך תמיד אזוי שטארק ליעב אריינצומישען זיך אין פרעמדע געשעפטען!...

געוואלד וואס טהוען זיי, וואו זענען זיי?!...

אט אזוי לויפענדיג און רעדענדיג צו זיך אליין, ניט פאר אייך געדאכט, בין איך נאך אנדערע יודען און שענע, זיידענע יונגע־לייטליך אין קלויז אריינגעלאפען.

און שטעלט אייך פאר, דארטען אין קלויז האב איך א ביטערען תירוץ אויף מיינע ביטערע קשיות געפונען; דארטען איז מיר קלאר געווארען: וואס טהוען די רעדעל־פיהרער, וואו זענען די רעדעל־פיהרער און אין וואס זענען זיי טיעף אריינגעטהון...

דער קלויז איז כמעט פיער־עקיג. אינוויינג איז האלב־פינסטער. ביים עמוד גור ברענען א פאר חלב'דיגע ליכטליך, וועלכע האבען זיך, במחילה, שטארק פערשמאלצען. די בענק מיט די שטענדערס פערגאסען מיט פערקילטע חלב, און בעדעקט מיט אויסגעברענטע שווארצע פלעקען — די ארים־בחור'מ'ס ארבייט — אויף די פענסטער ליעגען שמות גאנצע בערג, שטויב גאנצע הויפען. אויף דער ערד איז צעזייט און צעשפרייט מונדשטוקעס פון פאפיראסען, ביינדליך פון קארשען, שאלעכטס פון בולבעס, פעל פון הערינג, פערברענטע שטיקליך ברוידט, ברעקליך פון מאהן־קוכען, און נאך פיעל אנדערע שירים. אויבען־אן אין ביידע ווינקעליך ברענען צוויי ליכט, נעבען וועלכע עס שאקלען זיך צוויי שטענדערס, ביי וועלכע עס זיצען ווי די איינגעגראבענע צוויי פרושים — אין איין ווינקעל דער גרינקישקער תם, אין צווייטען ווינקעל דער שטאקלישקער בטלן — און ברומען אונטער אויפ'ן האלבען קול, מיט א אורמוטהיגען, טיעף די נשמה דורכדרינגענדען ניגון, וועלכער האט זעהר גוט געפאסט צו די האלבע שטילקייט און האלבע פינסטערניס פון קלויז — ווי זיי זענען זיך נוהג אלע מאל צו טהוען בשעת דער עולם הייבט זיך אן קלייבען דריימאל א טאג צום דאווענען... אין פערשידענע ווינקעליך, ארום „בימה", ארום „האנד־פאס", ווי אויך אין פאלעש, זענען געשטאנען יודען גרופעס־וויים און זיך געשושקעט, געסוד'עט, אזוי אז דעם פערבייגעהענדען איז לייכט געוועזען אלעס צו הערען.. מעהרערע האבען געמאכט מיט די הענד אין דער לופטען, אנדערע האבען געטאפט בשעת רעדען יענעמס לאץ, אדער גערדרעהט יענעמס קנעפיל פון דער קאפאטע, אנדערע האבען ווידער מיט זייערע אייגענע בערד געגלעט אדער געפלאכטען אדער גאר פערשפילעט און אבגעשפילעט די אייגענע קנעפליך, נאר אבער טהוענדיג די אלע משונה'דיגע מלאכות, האבען זיי ניט אויפגעהערט צו רעדען, מיט הארץ, מיט היץ, אט וויא ס'וואלט זיי געגאנגען אום לעבען...

איידער איך האב געקענט דורכנעמען וועגען וואס שמועסט מען דא, וואס איז דא געשעהן, איז דער שמש ארויף אויף דער בימה, האט א קלאפ געטהון אין שלחן, א יונגערמאנטשיק עפּיס איז צוגעגאנגען צום עמוד, האט א זאג געטהון: והוא־רחום! אלע האבען זיך א האפ געטהון, ניט טויט ניט לעבעדיג, ווי די אפגעבריטע, זיך א בייג געטהון און זיך צעשאקעלט. מען האט גערדאווינט מעריב.

נאך מעריב האט זיך דער עולם, לאנגזאם, כמעט ניט ווילענדיג בעזעצט ארום לאנגען טיש, און ס'איז אוועק א שמועס וועגען שטאדטזאכען. אין גרונד איז דאס ניט קיין שטאדט־זאך, ווייל דער גאנצער ענין האט צו שטאדט ווי איין ארבעס צום וואנד; די שטאדט וואלט זיך געקענט בעגעהן אהן דעם גאנצען עסק; אין גרונד איז דאס נוגע נור רבי יואל'ק דעם מלוה און רבי שמערל דעם פאדראטשיק, זיי האבען דאס פערקאכט די גאנצע קאשע אום צו ווייזען דעם אלטען רב... נאר וואו די צוויי „נכבדים" זענען, דארט איז גאנץ שטאדט. און אין אמת'ן, איז דען מעגליך אז די צוויי זאלען שפילען אויף א דודקע אין גאנץ שטאדט זאל ניט געהן טאנצען?... ווער וועט דאס האבען די העזה, זיי זענען דאך עפּיס פארט די רייכסטע אין אביוניוקע... בכן, איז איצטער דער עולם פעראינטערעסירט אין א וויכטיגע שטאדט־זאך:

פון אלע רייד און קולות; פון אלע טענות און זלזולים האב איך ערפאהרען די דאזיגע מעשה:

שוין פון כמה יאהרען, א נדאי א יאהר פינף און צוואנציג, איז אין אביוניוקע א רב רבי פסח'ל חריף. אנגעקומען אין אביוניוקע איז ער נאך יונגער־מאן־ווייז. דאמאלס האט איהם די שטאדט געחאפט פאר א צאצקע, פאר א צידהרונג, א קליינינקייט רבי פסח'ל! ער האט געשמ'ט פאר א עלוי און א גרויסען חריף. טעטעריוועק האט איהם געוואלט געבען 6 רובל א וואך מזומן, אויסער הכנסה פון ברית'ן מיט חתונות, און אויסער דעם מאנאפאל פון זאלץ; טונעיאדעווקע האט זיך אויך זעהר אנגעשטרענגט

און פאַרגעלעגט איהם פינף רובל אַ וואָך, הכנסה פון ברית'ן מיט חתונות, און מאַנאָפּאָל אויף הייוועז, ליכט מיט זאַלץ, אויך גאָר קיין שלעכט ברווידט; נאָר ער, רבי פסח'ל — דאָס ווייב קען עס איהם נאָך ביז היינ־טיגען טאָג ניט פערגעסען — האָט ניט געוואָלט הערען און ניט זעהן, ניט טעטעריוועקער בַּעֲלֵי־עֲגָלוֹת, ניט טונעיאַדיוועקער פערד־גַנָבִים, מיט זייערע רייכע שכירות, און האָט בעסער אָנגענומען אביוניוועקער רבנות, מיט ווייניגער שכירות, ווייל אביוניווקע האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ שטאָדט מיט לומדים... אין יענע מקומות, האָט ער אַלס אייגגערעדט דעם ווייב, קען מען אין עטליכע יאָהר אָרוס, רַחְמָנָא־לִצְלָן, פערגעסען אפילו וואָס לערנען הייסט. ס'איז דאָך פּשוט ניטאָ מיט וועמען צו רעדען אַ וואָרט אין לערנען... אביוניווקע אָבער האָט צוויי דריי בתי־מדרשים, ס'איז דאָ יודען לומדים, וועלכע זיצען יוֹמָם־וָלַיְלָה עַל הַתּוֹרָה וְעַל הָעֲבוֹדָה, און אין יעדער בית־המדרש זיצען אַ צוויי דריי פּרושים און לערנען, פיינע בחורים לערנען בהתמדה, ס'איז דאָך פּשוט אַ חיות!... און מיט דעם אויסרעכנונג איז ער אין אַ גליקליכער שעה פאַר ביידע צדדים, געוואָרען אין אביוניווקע רב.

און פון דאַמאָלס אָן איז שוין פערביי—ווי מיר האָבען געזאָגט— פינף און צוואַנציג יאָהר. רבי פסח'ל איז שוין גראָה און אַלט געוואָרען. ער האָט אפילו געשמאַק זיך אָנגעלערענט, אָבער דערצו האָט ער זיך אויך ניט ווייניג אָנגעליטען. ער האָט דאָ קינדער געבאָרען, ער־צויגען און חתונה געמאַכט. האָט כל ימיו געלעבט אין דחקות, קיין פרייען גראָשען קיינמאָל אין האַנד ניט געהאַט... ניט ווייניג מחלוקת האָט ער איבערגעלעבט אין דער צייט, דאָ ער האָט פּוגע געווען רבי יואל'קס כבוד מיט אַ וואָרט, דאָרט רבי שמערל'ס איידעם מיט אַ ווינק; היינט איז אין כעס רבי חיים, פאַר וואָס מען האָט איהם צו אַ שטאָדט־אספה ניט גע־רופען — האָטש אפילו אַלע האָבען געוואוסט אַז ווען מען רופט איהם יאָ קומט ער אויך ניט — און מאָרגען איז אין כעס געוואָרען רבי טודרוס פאַר וואָס דער רב האָט בשום־אופן ניט מסכים געווען אויף זיין פּשטל ערגיץ אין אַ תּוספות'ל... פון די אַלע קליינינקייט, דוכט זיך, פלעגט זיך אָפּטמאָל צעפלאַמען אַ רעכטע מחלוקת, פון וועלכע רבי פסח'ל האָט געהאַט געוונג עגמת־נפש, נאָר די אַלע מחלוקת'ן פלעגען מעהר אָדער ווייניגער דויערען, און ס'פלעגען אַלע ווידער שטיל, רוהיג, שָׁלוֹם־וְשַׁלְוָה ווערען. קיינמאָל האָט קיין מחלוקת ניט געבראַכט דערצו אַז ס'זאָל וועמען ס'איז אַרויף אויף דעם געדאַנקען רבי פסחל'ן, למשל, קיין שכירות ניט צאָהלען, אָדער גאָר חלילה פון שטאָדט אַרויסטרייבען...

דעם אמת דאַרף מען זאָגען, צי רבי פסח'ל וועט זיך געפונען דער־פון בעליידיגט אָדער ניט, אַז ער — רבי פסח'ל מיין איך עס — איז גע־ווען כָּל־יָמָיו, זאָל ניט אויסגערעדט זיין, אַ שרעקליכער בַּטְלָן; ער האָט ניט געוואוסט אין וועלט־זאַכען פון דאַנען אַהין, האָטש פערקויף איהם — אַבי נור אויף גוייש־לשון — פאַר אַ גראָשען מיט זיין לומדות צוזאַמען; ער האָט מיט'ן גאַנצען האַרצען געגלייבט, אַז דער מיטען־וועלט איז אביוניווקע, אַז דער מיטען־אביוניווקע איז דער בית־המדרש, וואו ער, רב פסח'ל, דאַווענט און לערנט, אַז דער מיטען־בית־המדרש איז דער אַלמער מיט ספרים, און דאָס אַלעס האָט גאָט, דער האַר פון דער וועלט בעשאַפען פון זיינעט, פון רבי פסחל'ס, וועגען... דאָס איז דער עיקר, און ווייטער, די גאַנצע וועלט איז מעהר ניט אַ צוגאָב, אַ צוטשעפּעניש, אַ ניט־וויכטיגע זאַך...

נו, וואָס פאַר אַ גוטס האָט שטאָדט געקענט האָבען פון אַזאַ רב? ...

און צוריק אָבער, וואָס פאַר רָעוֹת האָט ער חלילה געקענט שטאָדט מאַכען?...

אָט אַזוי איז אַוועק יאָהרען, און ביידע צדדים, דאָס הייסט רבי פסח'ל און די שטאָדט זענען געווען צופרידען, יעדער פון זיך און איינער פון אַנדערן...

אָבער איצט זענען געקומען אַנדערע דורות, ס'האָבען זיך געוויזען אַנדערע פֿעגעל און ס'הערען זיך אַנדערע ליעדער.

איצט זענען אויפגעקומען נייע בעלי־בתים, ס'האָבען זיך געוויזען אַנדערע רבנים, ס'הערען זיך אַנדערע מחלוקת.

רבי לייביש מְנַקֵר פון טעטעריווקע, אַ יוד וואָס איין גאָט ווייסט פון וואַנען און פון וואָס ער האָט אַזוי שווער אָנגעשלאָגען די קעשענעס מיט געלד, האָט צו מזל זיין פעסל'ן, זיין מוזינקע חתונה געמאַכט, און האָט איהר געקויפט פאַר 3 טויזענד רובל אַ יונגען־מאַן, אַ ציקאַוועש, אַ מענש וואָס טויג צו אַלס: צווישען משכילים איז ער, ברוך־השם, אַ גרויסער למדן, צווישען לומדים אַ גרויסער משכיל, צווישען סוחרים אַ שטיקעל קלויזניק, צווישען קלויזניקעס אַ שטיקעל סוחר, מיט איין וואָרט אַ יונגער מאַן פון די יעניגע, וואָס אויב נור זיי פאַלען אַריין אין רעכטע הענד קען מען פון זיי מאַכען וואָס מען וויל, אָט ווי פון זיסע מילך — אַזוי פלעג זיין שווינער סטאַלצע זאָגען קען מען מאַכען אי סמעטינע, אי קעז אי פּוטער... אי ס'מאַכט זיך אַמאָל גאָר זויער־מילך... נו, מילא וואָס...

און גלייך נאָך דער חתונה האָט דער איידעם רבי לייבישעס אויפ־געהערט לערנען, געוואָרען אַ סוחר, געמאַכט אַ פּאָר באַנקראָטליך, אָנ־געוואָרען דעם נדן, געהאַט, אויף ר' לייבישעס קאָרק נעביך, אַ פּאָר קינדערליך און צום סוֹף, בְּאֵין־בְּרֵירָה, איז ער גאָר אַוועקגעפאָהרען קיין קאָוונע, מיטגענומען צוויי בריעף, איינע פון טעטעריווקער רב און איינע פון רבי פסח'ל אביוניווקער, און איז אַ פּרוש געוואָרען.

אין קאָוונא איז ער נאָך מעהר מושלם געוואָרען. נאָך דריי יאָהר צייט ער איז געקומען קיין קאָוונא, האָט ער גְעמוּזט נעביך נעמען סמיכה — אַזוי איז שוין דאָרט דער מנהג — און איז געקומען צוריק צום שווער מיט אַ דיפּלאָם אויף רבנות. און נאָך דעם זעלבען טאָג האָט איהם רבי לייביש מנקר נאָך צוויי טויזענד רובל נדן מוסיף געווען.

און אויף מאָרגען האָט מען זיך אַ קער געטהון צו רבי חיים יאַ־נאָווער, זאָל געזונד זיין. רבי חיים איז אַ גרויסער מומחה צו געפונען שטעדטליך אויף רבנות פאַר יונגע־לייטליך — ניט אומזיסט, חלילה — און רבי חיים האָט זיך גענומען צום עֵסֶק מיט ענערגיע, מיט דרייסט און האָט מַצְלִיחַ געווען.

הערט אַ גאָט־זאַך, וואָס קען זיך טרעפען.

די צייט גראָדע האָט רבי פסח'ל אביוניווקער, זיין דבור'קען חתונה געמאַכט. ער האָט פאַר איהר, געוועהנליך, גענומען אַ מאַן אַ שלימזל'ניק, וואָרום ווער וועט דאָס נעמען היינטיגע יאָהרען, אומשטיינס געזאָגט, אַ רב'ס אַ טאָכטער, און נאָך אָהן געלט אויך?... וואו זאָל דען ר' פסח'ל נעמען נדן פאַר זיין טאָכטער? נאָך דער חתונה האָט אביוניווקער רב'ס איידעם געעפענט אַ קרעמעל פון הערינג. די קראָם איז חלילה ניט גע־ווען וואָס מקנא צו זיין; זי האָט חלילה איהר בעל־הבית קיין חִיוּנָה בְּשֶׁפַע ניט געגעבען, נאָר פון דעסטוועגען האָט זי אָנגעמאַכט אַ גרויסען רַעַש אין שטאָדט, פראָסט אַ ערד־ציטערניש, פון וועלכעם רבי פסח'לס כסא־רבנות האָט זיך שיער אומגעקערט מיט די פיסליך אַרויף...

שטאָדט האָט פלוצלינג געעפענט די אויגען און דערזעהען, אַז דער רב האָט ערלויבט זיין איידעם מַסִיג־גְבוּל זיין — רבי שמערל'ן. גאָר פּשוט, רבי שמעריל, זאָל לעבען, האַנדעלט מיט הערינג כל ימיו. איהר פערשטעהט ווי לאַנג שוין אַז ס'איז אַ סברה, אַז פון די הערינג — ניט פון אַנדערע זאַכען — איז ער אויפגעקומען... כַּמָּה וְכַמָּה מענשען האָבען פון רבי שמערלען ווייער שטיקעל חיונה געשלעפּט, און פלעגען איהם פּשוט דערפאַר פאַר די פיס פאַלען... און פלוצלים — אַזאַ העזה — איז געקומען דעם רב'ס איידעם אונטערשלאָגען רבי שמערלען פַּרְנָסָה...

רבי יואל'ק דער מלוה, רבי שמעריל'ס אַ אמת'ר גוטער פריינד, האָט ניט געקענט צוזעהן די נְבָלָה, און איז געגאַנגען צום רב, איהם איין עצה געבען אַז ער זאָל הייסען זיין איידעם, דעם שקץ, פערמאַכען די קראָם, אום ס'זאָל חלילה ניט אַרויס דערפון קיין חלול־השם...

דער רב אָבער, האָט ניט פערשטאַנען דעם טיעפען זינען פון דער קלוגער עצה, און האָט רבי יואל'קן ניט נושא־פנים געווען, און איהם געענטפערט, אַז זיין איידעם וויל אויך לעבען...

נו, אַז ס'איז יאָ הפקר אַ וועלט, אַז מען מעג יאָ מסיג־גבול זיין וועלען מיר ברענגען אַנדערע שוחטים, ניט רבי יואל'קס קרובים אַליין, זאָלען לעבען פון אונז — האָט אָפּגעמאַכט דער אַנדערער, דעם רב'ס צד...

ווי פון דער ערד איז אויסגעוואקסען פלוצים רבי חיים יאנאווער, מיט רבי לייבישעס איידעם, מיט שענע עטליכע הונדערט רובעל, האט פערזייעט דעם פלאַט׳ן מיט גאלדענע אימפעריאלען, האט אונטערגעשמירט די צינגער וואס פאדער׳ן שמירעכטס, האט פערשטאפט די מיילער וועלכע בעטען זיך מען זאל זיי פערשטאפען, און אין אכט טאג ארום, פונקט „שבת חזון” האט רבי לייבישעס איידעם, „דער ציקאווועש”, געדרישט א גרויסארטיגע דרשה אין גרויסען „בית־המדריש”, אזא דרישה, וואס זעלטען ווער ס׳איז געווען אומשטאנד זי צו פערשטעהן, און „מוצא־שבת־נחמו” האט איהם האלב אביוניוועקע דערלאנגט א כתב־רבנות, און ראש־חדש אלול איז ער מיט מזל אריינגעפארען קיין אביוניוועקע, און זיך געזעצט אויף א האלבען אביוניוועקער רבנות־שטול...

און ביז די צייט זענען ווי פון דער ערד ארויסגעוואקסען א פאר גייע יונגע שוחטים׳ליך; אויפגעבויעט זיך אפאר שפאגעל נייע יאטקעליך; אויפגענומען געווארען א פרישער משניה אויף כשרות, און צוגעקומען נאך עטליכע נייע קבצנים קיין אביוניוועקע...

אביוניוועקע האט פראסט אבגעלעבט!... נייע לעבענס־קוועלען האבען זיך איהר געעפענט... נייע א ר ב י י ט האט זיך פאר איהרע בעלי־בתים, תקיפים, יונגאטשעס, ליידיג־געהערס געפונען.

און דער עולם ארבייט, ער שלאפט ניט!

א סך פריזיווען האט מען פון דאמאלס אן געמסרט; א סך טאַטעס פון קינדער האט מען פאר סאלדאטען אבגעגעבען; שענע עטליכע בעלי־בתים האט מען אין תפיסה אריינגעזעצט; א סך קראמען האט מען צוגעמאכט; היבשע עטליכע פאמיליעס האבען זייער פרנסה אנגעווארען; אלע וואלטהעטיגע חברות האבען אויפגעהערט זייערע וואלטהאטען צו טהוען, און שוין עטליכע חדשים אז ב י י ד ע רבנים האבען א קאפיקע שכירות ניט בעקומען...

אט ו ו א ו זענען די רעדעל־פיהרער, אט וואסערע רעדליך זיי דרעהען!...

ש. ראזענפעלד.

אביוניוועקע 1 מאי.

---

# א קורצע שמחה.

(ענדע).

3.

באלד, באלד נאך א טאג און אברעמקע הייבט אן צוגעהן אין גימנאזיא. די מאמע לויפט עטליכע מאהל א טאג צום שניידער, ער זאל וואס גיכער פארטיג מאכען דעם מונדיר אויף מיטוואך פריה. מיטוואך הויבט מען אן צו געהן לערנען, דינסטאג איז זי געווען ביי׳ם שניידער עטליכע מאל און צו־געטריבען ער זאל גיכער ענדיגען דעם מונדיר, און האט מכבד געווען דעם אלטען אייזיק׳ן אליין געהן צום שניידער — אה! האט זי געזאגט, ביי לייטען ליגט דאס אין גאנצען אויפ׳ן טאטען, און דא איז אלס די מאמע און די מאמע. אברעמקע אליין איז א גאנצען טאג געווען פערטראגען, אומגעלאפען צו די שילער פון גימנאזיא, און ביי׳ם שניידער איין מאל אויך ניט געווען, און די מאמע האט איהם גאר ניט געשיקט געהן. א קינד וועט ער ניט פאלגען, האט זי געזאגט, איין על־טערער דארף געהן. דער אלטער ר׳ אייזיק איז געגאנגען און דער שניי־דער האט איהם צו־געזאגט אז ביי נאכט וועט זיין פארטיג.

אראפ דער טאג, געווארען נאכט, דער זייגער שלאגט אכט, ניין. ניטא קיין שניידער, ניטא קיין מונדיר. די מאמע האט ווידער געשיקט דעם אלטען געהן זידלען דעם שניידער, נאר ער האט ניט געוואלט געהן, איז זי געלאפען, געשריען, געליארמט. דער שניידער האט אוועקגעזעצט צוויי ארבייטער, און גענומען זיך געשמאק צו אברעמקעס מונדיר, און געשווארען אז מארגען פריה פאר׳ן גימנאזיא, ברייגגט ער דעם מונדיר.

מיטוואך פריה, אברעמקע איז היינט אויפגעשטאנען האלב זעקס א זייגער, עס האט איהם געהויבען, ער ווייס ניט וואס וועט דאס זיין דער סוף. ער דערמאהנט זיך אין מונדיר, אין דער גימנאזיא מיט די נייע חברים, קוועלט ער, אבער אז ער דערמאהנט זיך אין שבת, אין דעם אלטען רבי׳ן, געהט איהם איבער א פראסט איבער׳ן לייב. ווי אזוי וועט ער דאס נעמען שרייבען? כמעט א גאנצע נאכט איז ער געלעגען און געקלערט. אויפ׳ן טאטען וואונדערט ער זיך מעהר ווי אויף אלע טאטעס כמעט, מילא אנ־דערע טאטעס זענען ניט פרום, זיין טאטע איז א פרומער יוד, א חסיד, אז ווער זאל אויסרעדען א ווארט אויפ׳ן אלטען רבי׳ן איז א געוואלד. ווי זאל דאס ביי איהם רעכט ווערען ער זאל איהם לאזען שרייבען אים שבת. וואלט ער דערמאנען די גאנצע צייט דעם שבת האטש איין מאל — גאר ניט, אזוי ווי ניט קיין יוד. אברעמקע דערמאהנט דעם רבי׳ן זיינעם און האט געוויינט, דער רבי וואלט לעבען וואלט ער געגאנגען צו איהם פרע־גען איין עצה ווי צו טהון? אז דער רבי וואלט איהם געהייסען שרייבען וואלט געווען אזוי גוט, וואס קען בעסער ניט זיין. ביי איין אנדערען שעמט ער זיך פרעגען, ער האט מורא פאר׳ן טאטען. דער טאטע וויל ער זאל שרייבען, די מאמע אויך. ער האט נור געפרעגט ביי אנדערע חברים, האט מען איהם געזאגט. אז ס׳איז אפילו א זאקאן אז יודיישע קינדער מעגען ניט שרייבען אים שבת. נאר על פי רוב געהען נור רייכע קינדער אין די קלא־סען, און די גבירים ארט ניט וואס די קינדער שרייבען אום שבת. פאראן אפילו ארימע אויך און פרומע טאטעס לאזען אויך שרייבען זייערע קינ־דער, זיי וואלטען וועלען אז זיי זאלען ניט שרייבען, נאר ארימע קענען גאר נישט מאכען און גבירים ארט דאס גאר ניט. אט אזוי איז ער גע־לעגען און געקלערט, ביז טאג, און אויפגעשטאנען און געוואשען זיך מיט הארי׳ן, אפגעזאגט דעם גאנצען פון פארינט מיט „איזהו מקומן”, אנדערע שטיקליך די געשמאקע איבער־געזאגט צוויי מאל. ער שטעהט און דאַ־ווענט, פלוצים א קלאפ אין טהיר, דער שניידער מיט א בחור טראגען דעם מונדיר.

אלע זענען אויפגעשטאנען, אברעמקע האט אנגעטהון און שוין נישט אויסגעטהון, עס ליגט גוט, זעהר גוט.

אלע פרעהליך, אברעמקע אויך, בעת־מעשה האט אויפגעהערט צו קיצלען.

אבער דערפאר האט עפיס דער מאמען אנגעהויבען אביסעל ארען.

וואס וויל זי?

איהר איז ניט געפעלען וואס מיטוואך: מיטוואך אנגעטהון דעם מונדיר און מיטוואך אנגעהויבען געהן אין גימנאזיא. עפיס פאר׳ן מיטוואך האט זי געציטערט, וואס וואלט דאס ארען דעם רבונו־של־עולם, האט זי געזאגט אין הארצען, אז עס וואלט אויסקומען דינסטאג ניט מיטוואך.

מילא אויפ׳ן שניידער האט זי איינגעלעגט וועלטען, וואס ער האט ניט געבראכט דעם מונדיר נעכטען און האט איהם אפגעהאלטען ביז היינט.

— אבער וואס ארט אייך, שרה־בילא, אז היינט — האט דער שניידער געזאגט — אבי ניט פערשפעטיגט, וואס איז די נפקא־מיניה?

— עס איז א גרויסע נפקא־מיניה, נעכטען איז געווען דינסטאג און היינט איז מיטוואך, איצט פערשטעהט איר שוין.

— עט נארישקייט — האט דער שניידער געזאגט.

— טאקי נארישקייט, פון דעסטוועגען טהוט מען ניט אן א נייעם בגד מיטוואך, און בפרט דא וואס אלע זענען אזוי פיעל מקנא, מען שטעכט דאך מיט די אויגען.

און דער זייגער האט געשלאגען אכט, און אברעמקע מארש אין גימנאזיא אין נייעם מונדיר, מיט׳ן היטעל מיט א קוקארדע.

— מיט׳ן רעכטען פוס, מיט גליק — האט די מאמע געבענשט.

4.

אוועק מיטוואך, דאנערשטאג, פרייטאג, און געקומען שבת.

אברעמקע איז היינט אויך אויפגעשטאנען פריה, פריהער פון אלע־מען. עס האט איהם היינטיגע נאכט נאך מעהר געהויבען, דער רבי איז איהם געקומען צו׳ם חלום און האט מיט איהם אפגעלערענט א בלעטיל גמרא אין בבא־קמא, און פאר׳ן אוועקגאנג האט ער איהם ווידער גענע־בען א גלעט אין באק, און האט איהם געזאגט: זעה, אברעמלע, זיי איין עהרליכער יוד, היט שבת. ער איז אויפגעשטאנען מיט א צובראכען הארי׳ן און זיך געשטעלט דאווגען מיט אזא אומהוט אז אפילו יום כפור האט

ער קיין מאל אזוי געדאווענט. אפּגעדאווענט און פון דעסטוועגען איבער געחזר'ט די אוראקען און אנגעהויבען טראכטען מכח די ביכער אוועק־טראגען. ער ווייגט און בעט דער מאמען געהן רופען די דווארניצע. אויף שרייבען הייגט האט ער גאר ניט געקלערט, מען האט איהם געזאגט אז עס קען אפּנעהען וויפיעל שבתים און איין מאל אויך ניט שרייבען. די מאמע האט איהם געגעבען עסען, האט ער ניט געוואלט ביז די דווארניצע זאל ניט נעמען די ביכער טראגען. דער טאטע און מאמע האבען איהם שוין געוואלט זאגען: מאך זיך ניט נאריש און נעם און טראג אליין, גאט וועט זיין א בעל־הבית אהן דיין שבת. נאר זיי האבען געקלערט, דער ערשטער שבת, לאזען איהם.

אז די דווארניצע איז געקומען נעמען די ביכער, האט ער עפּיס איבער־געביסען.

געוועזן ארום אכט אזייגער, ר' אייזיק האט אנגעטהון דעם טלית, פערבונדען איהם מיט א רויט טיכעל און אוועק אין ליבאוויצער שטיבעל, און אברעמקע אין גימנאזיא.

— דו וועסט הייגט וועמען רופען אויף ברכה — האט געפרעגט שרה־בילא אייזיק'ן, בעת ער איז אוועק אין שוהל.

— איך קלעהר רופען עטליכע מענשען — האט אייזיק געענטפערט און אוועק.

אין שטיבעל האט מען זיך נאך ניט געשטעלט דאווענען, אז ר' אייזיק איז געקומען, און אין גימנאזיא האט מען זיך נאך ניט געזעצט לערנען אז אברעמקע איז געקומען.

דא האט מען געגעבען א קלאפּ „הודו" און דא א קלינג דער „זוואנאק".

דא דאווענט מען און דא לערענט מען. דא האט מען געדאווענט ביז וואנען מען האט פערקויפט „עליות" און דא האט מען געלערענט ביז ס'איז א זוואנאק אויף א פערעמענע.

ר' אייזיק פון גרויס שמחה, אפּדאנקען דעם רבונו־של־עולם פאר זיינע חסדים, האט ער געקויפט איין „עליה" א גוטע, שלישי האט ער געקויפט.

ס'איז געקומען „שלישי" האט מען אויפגערופען מיט א הויך קול: יעמוד ר' שלמה אייזיק ב"ר זוסמאן שלישי.

און דארטען כמעט אויך אין דער זעלבער צייט האט מען אויך אויסגעריפען צו דער „דאסקע" מיט א הויך קול:

אברם לפּידות.

אברעמלע איז בלייך געווארען, ער זיצט און ריהרט זיך ניט פון ארט. אויף דער ערשטער קויל האט ער זיך גאר ניט גערוקט, ער איז צעטומעלט געווארען.

אויף דעם צווייטען אויסרוף האט ער זיך געפּריווט פערענטפערען אז די האנד טהוט איהם וועה, ער קען נישט שרייבען. עס האט אבער נישט געהאלפען, דער לעהרער האט אויף איהם אנגעשריען אז ער וויל נישט שרייבען זאל ער זיך געהן אהיים.

און אברעמקע הויבט זיך אויף און רוקט זיך ארויס פון טיש.

5.

ביי לפּידות'ן אין שטוב איז פרעהליך, שרה־בילא האט געגרייט דעם טיש מיט אלע געריכטען, זי האט זיך געריכט אז אייזיק זאל קומען מיט אפּאר מענשען.

און ר' אייזיק איז טאקי געקומען מיט צוויי יודען פון שוהל, זיינע בעקאנטע.

— גוט שבת, מזל־טוב אייך, שרה־בילא!

— מזל טוב אייך — האט שרה־בילא געענטפערט און שיינט פון גרויס שמחה.

ר' אייזיק האט אויסגעטהון דעם טלית, געמאכט „קדוש", און מען טרינקט און מען פערבייסט, און מען רעדט וועגען דעם בעל־שמחה און מען איז פרעהליך.

— פארט ווי אזוי איז ער דאס אנגעקומען — האט געפרעגט איינער פון די יודען בעת ער האט געגאסען פון פלעשיל אין גלעזיל און פון גלעזיל אין העלזיל.

ס'איז געווים א שטיקעל סיעתא־דשמיא — האט ר' אייזיק געענטפערט.

— נו וואס קלערט איהר, ער זאל זיין א דאקטאר, צי איין אפּאט־העקער — האט געפרעגט דער צווייטער.

— איך קלער נאך גאר נישט — האט ר' אייזיק געענטפערט, און געזאגט לחיים.

— ביי מיר איז נור א דאקטאר — האט געזאגט שרה־בילא, — א דאקטאר איז בעסער פון אלס, א דאקטאר פערדינט געלד, מזומן געלד, ניטא קיין בארג, און ווער פערדינט נאך אזוי פיעל ווי א דאקטאר?

— א דאקטאר צאהלט ניט קיין קאראבקע אויך, זעקס פונד פלייש אלע טאג אהן קאראבקע — האט איינער געזאגט און האט געמאכט ווידער „לחיים".

— אך! דאס איז א קלייניקייט — האט געזאגט ר' אייזיק — וואס איז פאראן וואס צו רעדען, שוין קלערען וואס שפּעטער וועט זיין.

— וואס שפּעטער, ער וועט געהן אלע יאהר א קלאס, און נאך אפשר צוויי א יאהר, אין צעהן יאהר ארום, קאן ער זיין א דאקטאר — האט געזאגט די מאמע, און זיך אויך געזעצט נעבען טיש.

איינער פון די יודען האט געוואלט א פרעג טהון ווי איז מיט שבת, ווי שרייבט מען, ווי טראגט מען די ביכער; נאר ער האט געזעהען אז עס פּאסט ניט פרעגען, האט ער געמאכט ווידער „לחיים", און געפרעגט איין אנדער שאלה:

— ווען קומט דער בעל־שמחה אליין.

— א זייגער איינס, האלב צוויי און אמאל צוויי, און אגב ווייס מען נאך ניט, ער האט דאך ערשט אנגעהויבען מיטוואך צו געהן — האט געענטפערט ר' אייזיק.

— וואלט איהר זעהן ווי ער איז פרום - האט די מאמע גע־זאגט — די דווארניצע האט דאך איהם אוועקגעטראגען די ביכער.

— מהיכא־תיתי, א דאקטאר א פרומער איז זעהר שיין און פיין.

מען זיצט און מען עסט און טרינקט, מיט אמאל אי וועה!

א קלאפּ אין טהיר און דער בעל־שמחה איז אריין אין שטוב פונקט ווי א גנב.

דעם טאטען און מאמען איז פינסטער געווארען אין די אויגען. זיי איז ניט געפעלען געווארען ווי אברעמקע איז אריין. דער מאמען איז באלד ארויף דער מיטוואך אויפ'ן געדאנק און עס האט איהר אנגעהויבען קלאפּען אין הארצען.

— וואס עפּיס אזוי פריה הייגט פון גימנאזיא, אברעמקע? און וואס עפּיס אזוי אומוטהיג.

אברעמקע שטעהט אין א ווינקעלע און שווייגט.

— וואס איז? הא? זאג? — פרעגט דער טאטע.

ניטא קיין דבורים.

— פארט וואס, דו זאגסט צי ניט?

און אברעמקע זאגט קוים וואס מען הערט: מען האט געהייסען שרייבען.

— שרייבט מען אז מען הייסט — האט די מאמע געזאגט, און דער טאטע שווייגט.

די צוויי יודען האבען געזעהען אז עס איז ניטא דא וואס צו זיצען, האבען זיי אנגעגאסען נאך צו גלעזיל און אויסגעטרונקען שטילערהייט, געזאגט איינער צו'ם אנדערען: לחיים, און ארויס שטילערהייט, אזוי ווי פון א „בית־שבעה", ניט דא געדאכט.

6.

אז גאט האט געהייסען דעם שטן שלאגען איוב'ן ווי וויית ער קען, נאר די נשמה היטען, זאגט די גמרא אז דער צער פון שטן איז געווען גרעסער פון איוב'ס צער, פונקט ווי א קיסר האט געהייסען א קנעכט צער־ברעכען די פאס און היטען דער וויין זאל זיך ניט אויסגיסען. אזוי איז הייגט געווען ר' אייזיק'ן אויפ'ן הארצען: וואס טהוט מען? איהם איז ער־גער פון אברעמקען, ער איז אויף איהם אש־להבה, ער וואלט געקענט וואלט ער איהם צעריסען ווי א הערינג, נאר ער קען ניט, ער זאל שריי־ען אויף איהם פאר וואס ער האט ניט געוואלט שרייבען אים שבת? וואס וועלען לייט זאגען? ס'איז איהם ביטער און פינצטער, ער זיצט און

עס גיסט זיך איהם בלוט פון די אויגען. ער איז בייז, ער בייסט די נעגעל און דאס מויל איז פערשלאסען, ער קאן ניט שרייען אויף איהם, ער איז אין כעס אויף אברעמקען און האט אביסעל תרעומות אויפ'ן רבונו של עולם אויך וואס וויל ער דא מיט זיין שבת...

— אבער ווי טהון אלע? — האט ער דערנאך געזאגט מיט א האלבוויינענדיגען קול.

אברעמקע שווייגט.

— ממה־נפשך, האסטו ניט געוואלט שרייבען, וואלסטו גאר ניט אנגעהויבען געהן, עס איז דאך מיאוס, גערופען יודען אויף ברכה, געקאכט, געמאכט אמונדער און הו־הא הוא־ה, מיט אמאל גאר נישט — שרייעט דער טאטע.

— איך האב פריהער געוואוסט אז עס וועט גאר נישט זיין, יודישע עין־הרע איז גרויס, ערגער פון גוישע כשוף, און דא דער מיטוואך, מיטוואך אנגעטהון דעם מונדיר און מיטוואך אוועק אין גימנאזיא — שרייעט די מאמע:

— מיטוואך, דינסטאג, א פרא־אדם, א משוגענער, וואס געהערט דאס צו'ם מיטוואך.

— הער, אייזיק, דערצעהל מיר קיין מעשות ניט, דאס איז נאר דער מיטוואך.

דער זייגער האט געשלאגען צוועלף, איינס, און קיין ווארמעס האט מען נאך ניט גענעסען. דער שבת איז געווען אין שטוב ערגער ווי שבת־חזון פארצייטען.

— נו! א קורצע שמחה, א קורצע שמחה, דער קלאגענדיגער מיטוואך האט דאס אנגעמאכט — האט די מאמע אלס געזאגט און די הענד פערבראכען. מילא וואס איז געווען איז געווען, מאנטאג געה אין גימנאזיא און זאג אז פון היינט אן וועסטו פאלגען וואס מען וועט דיר זאגען — האבען זיי איהם ביידע פערזאגט.

אברעמקע שווייגט, ניטא קיין דבורים.

אוועק דער שבת, אוועק זונטאג מאנטאג, דינסטאג און אברעמקע געהט ניט אין גימנאזיא. ער האט געוואלט אז דער טאטע זאל מיט איהם געהן צי די מאמע, זענען זיי געגאנגען צו די לעהרער פריהער, האט מען זיי געזאגט אז זיי זאלען דערלאנגען א פראשענע צום פאפעטשיטעל. האבען זיי דערלאנגט, אבער דערווייל דעם זעלבען טאג האט זיך דער קאנדידאט דערוואוסט אז עס איז פאראן וואקאנסיע, און זיינע עלטערן זענען פערמעגליכע, איז מען געלויפען צו די לעהרער, און דער קאנדידאט האט זיך געזעצט אויף אברעמקעס ארט.

ר' אייזיק סטארעט זיך גענוג, ארויסצומאכען דעם קאנדידאט, עס ליגט שוין א פראשעניע ביי'ם מיניסטער אויך, אבער דערווייל זיצט דער קאנדידאט אויף אברעמקעס ארט, און אברעמקע זיצט אין דער היים, און האט צרות פון טאטען און מאמען אויפ'ן פוד: זיי שרייען אויף איהם און רופען איהם דער צדיק, דער קלאגענדיגער מיטוואך, און עס איז צרות אין שטוב און תוכחות, און די מאמע פערברעכט די הענד פאר יעדען וואס קומט אריין אין שטוב און קרעכצט און זאגט: אי! א קורצע שמחה! מיט קורצע יאהר זאל ער זיין. איך וועל פון דעם יונגעל פון דער וועלט אוועקגעהן.

יכנה"ז.

---

## די פאמיליען־פאפ'ערען.

אדער

### זכרונות פון דוד המלך'ס פאמיליע.

פון א. ש. פריעדבערג.

(פארטזעטצונג).

— אין דעם האסט דו געוויס רעכט — ענטפערט איהם מיין פאטער — געוויס וועט דער גרעסטער טהייל פון אונזער פאלק ליעבער פערבלייבען אין גלות אלס צוריק נאך אונזער היים אויסוואנדערן. עס וועט זיי שווער זיין צו פערלאזען די פעלדער, וועלכע זיי האבען בעארבייט, די גערטנער, וועלכע זיי האבען געפלאנצט און די הייזער וועלכע זיי האבען פאר זיך דא אויסגעבויעט. אבער "שאר ישוב", האט אונזער הייליגער ישעיה הנביא געזאגט: איין קליינער טהייל פון זיי וועט געוויס צוריקגעהן. דער קליינער טהייל וועט האבען דעם ריכטיגען פאטריאטישען פערשטאנד, זיך ניט צו פערלאזען צו בעקומען גוטעס פון דער האנד, וואס האט זיי געשלאגען און זייער לאנד פערוויסט, און וועט ליעבער זיך פערטרויען אויף די אמת'ע הילף פון אונזער שטארקען הייליגען גאט, וועלכער האט דאס הייליגע לאנד פאר זיין הייליג פאלק ישראל בעשטימט אויף עוויג. אט די ביסעל מענשען וואס וועלען געוויס צוריק געהן נאך ארץ־ישראל, וועלען זיין דאס בעסטע, דאס וויכטיגסטע און טיכטיגסטע פון אונזער פאלק. און דאס איז די הויפטזאכע. דען ניט דורך די גרויסע צאהל האט דאס פאלק ישראל זיך אויסצוצייכנען, נאר דורך די טיכטיגקייט פון די ווייניגע וועלכע האלטען זיך פעסט אין אונזער גלויבען און אונזער שענע צוקונפט. מיר האבען פיעל ביישפיעלע אין אונזער היסטאריע, אז מיט ווייניגע אבער ערנסטע טיכטיגע פאטריאטען האט אונז גאט תמיד געהאלפען. הלואי וואלט משה־רבנו ניט מיטגענומען דעם ערב־רב, ארויספיהרענדיג אונזערע עלטערן פון גלות מצרים, וואלט ער פיעל בעסער אויסגעפיהרט. עס איז פיעל בעסער צו ארבייטען מיט ווייניגע, וואס זענען דורך אחדות און טרייהייט צום הייליגען צוועק פעראייניגט, אלס מיט פיעלע מענשען וואס זענען געטהיילט אין זייערע דעות. פון די ווייניגע פעראייניגטע וועט מיט גאטס הילף צוריק א גרויס פאלק ווערען, דען אזוי האבען אונז אונזערע הייליגע נביאים פערשפראכען אין'ם נאמען פון אונזער הייליגען גאט און פאטער אין הימעל.

— אמן, הלואי זאלען זייערע נבואות באלד מקוים ווערען! — רופט יכניה אויפהעבענדיג די הענד אין דער הויך:

אין דער הייליגער אויפרעגונג נעהמט מיין פאטער די הארפע. און מיט א מאל האבען אלע סטרונעס אויפגערוישט אין א זיסע הארמאניע, אלס בעגלייטונג צום פרעהליכען געזאנג פון שיר המעלות בשוב ה' את שיבת ציון:

ווען גאט פיהרט די געפאנגענע נאך ציון צוריק,
וועט אונז זיך ווי אין חלום ניט גלויבען אין דעם גליק.
גרויס וועט זיין אונזער פרייד, לידער וועלען ערקלינגען,
פעלקער וועלען אלע אונזער גדולה בעזינגען.
זאל נאר אונזער שמחה ניט זיין אבגעלעגט אויף ווייט,
זאל קומען די ישועה ווי א רעגען צו דער צייט.
גאט וועט אונז בעלאהנען פאר אלע שווערע ליידען,
ווער עס זייעט מיט טרערען, דער זאמעלט אין פריידען.
עס טרויערט לאנג דער בויער, ער זייעט ווי אויף מיסט,
עס ליגט דארט, עס פוילט דארט, זיין מיה ווי אומזיסט.
אבער ווי פרעהליך ערשאלען זיינע געזאנגען,
ווען ער פיהרט אהיים די שענע צייטיגע זאנגען.

---

ניט אומזיסט האט צדקיהו געפיהלט אז ער האט שוין ניט לאנג צו זיין אויף דער וועלט. ער איז ווירקליך אויסגעגאנגען ווי א ליכט, ווי א לאמפ וואס פארלעשט ווען דאס עהל פעהלט. די גוטע בעסערע צייט איז איהם צו שפעט אנגעקומען, דאס האט איהם שוין זיינע פערלארענע קרעפטען ניט געקענט צוריקברייגגען. ער האט געהאט נור דען איינציגען טרייסט: אז איצט האט ער א פאר קרובים ארום זיך, וואס וועלען איהם די אויגען צומאכען, ווען די נשמה וועט איהם אויסגעהן. ער האט געהאט די האפנונג, אז מען וועט איהם טהון זיין רעכט, מען וועט איהם מקבר זיין לויט יודישען מנהג.

זעקס יאהר שפעטער איז איהם די האפנונג ערפולט געווארען. ער איז געשטארבען מיט ודוי, מיט יודישע פסוקים וואס יכניה און מיין פאטער האבען געזאגט ביי זיין יציאת־נשמה. זיי האבען איהם בעקלאגט און מקבר געווען אויף דעם שטיק פעלד וואס הינטער דעם געפענגניס, ביי דער מויער; דארט איז זיין קבר געבליבען ביז היינטיגען טאג. אין דעם זעלבען יאהר איז אויך געשטארבען נבוכדנצר.— — —

ביזהער געהט די געשיכטע וואס איך האב געהערט פון מיין פאטער שאלתיאל. יעצט פאנגט זיך אן ארייינצומישען מייי איינענע געשיכטע, ווי איך וועל דא ווייטער ערצעהלען.

נבוכדנצר איז געשטארבען, און מען האט איהם בעגראבען מיט גרויס פאראד, ווי דער שטייגער איז. קוים איז מען צוריקגעקומען פון בעגרעבניס, זענען די גרעסטע העדען פון בבל געגאנגען פיהרען מיט נאך גרעסערען פאראר דעם יונגען אויל־מרודך פון געפענגניס צום קעניגליכען טהראן. צוגלייך מיט איהם איז זיין סוויטע ארויס פריי מיט גרויס כבוד מיט גרויס בעלאהנונג פון נייעם קעניג פאר די ערנידריגונג, וועלכע זיי האבען מיט איהם גלייך ערטראגען. מען קען זיך פארשטעלען ווי גרויס ס'איז געוועזען די פרייד אין אונזער הויז, און אין דער פארשטאדט כותא, ווען מיין פאטער שאלתיאל צוזאמען מיט זיין פאטער יכניה זענען אהין אנגעקומען. ווי מיין מוטער האט זיך ערפרעהט מיט מיין פאטער, איהר געטרייען מאן, אויף וועלכען זי האט ניט אויפגעהערט צו האפען, אזוי האט זיך מיין גראסמוטער ערפרעהט מיט איהר אלטען יכניה, אויף וועלכען זי האט זיך שוין ניט מעהר גערעכט אין לעבען ווידער צו זעהן. די פרייד פון אונז אלע איז געווען אונבעשרייבליך. גרויס איז אויך מיין פאטערס פרייד געווען אלס ער האט מיך דערזעהן. דען א קינד פון פינף יאהר האט ער מיך איבערגעלאזט, און אלס דרייצעהן־יעהריגען גע־זונדען און שענען בחור האט ער מיך געפונען ווען ער איז דא גליקליך צוריקגעקומען, אלס תלמיד וואס לערענט תורה ביי יהוצדק, דער זוהן פונ'ם כהן גדול שריה, וועלכער איז אומגעקומען דורך נביכדנצר'ן, ווען ער האט אלע גרויסע לייט פון ירושלים געהייסען אויסקיילען. א חבר האב איך געהאט יהושע, יהוצדק'ס זוהן, געלערנט האבען מיר צוזאמען אין אונזער הויז, צוויי גוטע תלמידים, פון א גוטען רבי'ן, וועלכער איז געוועזען דער תלמיד פון אונזערע צוויי הייליגע נביאים, ירמיה און יחזקאל, און צו דער זעלבען צייט וואס דאס רוב פון אונזערע אריס־טאקראטישע קינדער האבען זיך געבילדעט אויף כאלדעאישען שטייגער, געלערנט די היידנישע מנהגים, גערעדט נור זייער לשון, און יודיש א ווארט ניט געקענט — האבען מיר געשטודירט אונזער תורה, געלערנט דעם תהלים פון דוד־המלך און געקענט אויסווענדיג אלע נבואות פון אונזערע גרויסע נביאים.

---

איצט האט מיין גרויספאטער יכניה דערלעבט א גוטע צייט, דען נאכדעם וואס ער איז אבגעזעסען זיבען און דרייסיג יאהר אין דעם שרעקליכען געפענגניס, האט איהם דער קעניג אויל־מרודך בעגנאדיגט, בעעהרט צו זיצען אויבען־אן, העכער ווי אלע איבריגע מלכים, וואס זע־נען געוועזען צו זיין טיש געלאדען. ער האט איהם אויך בעשטימט א גרויסע פענסיאן, ער זאל קענען פיהרען זיין שטאאט, ווי עס פאסט פאר א קעניג. נאר די מלוכה האט ער איהם נישט צוריקגעגעבען. מיין פאטער האט ער געמאכט צום ערשטען פירשט איבער אלע יודען אין בבל, מיט דעם טיטעל פון א גראס־פאשא, מיך מיט מיין חבר יהושע האט ער אויפגענומען צו זיך אלס זיינע פ א ז ש ע ן, וועלכע בעדיענען זיינע קעניגליכע פערזאן. אבער די א מ ת ' ע ישועה, אונזער אומקעהר צוריק נאך ארץ־ישראל, איז נאך אליין נישט געקומען. אלע געבעטע פון מיין גראספאטער יכניה און מיין פאטער שאלתיאל האט נישט געהאלפען. אויל־מרודך האט אויך נישט געוואלט ערלויבען די געפאנגענע יודען זאלען מעגען פריי צוריקגעהן אין זייער פאטער־לאנד, ער האט פון דעם גאר ניט געוואלט הערען. ער האט אבער מעהר ניט געהערשט ווי צוויי יאהר. דאמאלס האט אנגעהויבען די קליינע מדינה פרס (פערסיען) גרויס צו ווערען. דער נאמען פון פערזישען קעניג כורש האט זיך אנ־געהויבען הערען אויף דער וועלט. אונזער נייער קעניג האט איהם גע־וואלט אביסעל אבהאקען די פליגלען, ער איז אבער געפאלען אין דער מלחמה. אין בבל איז געווארען גרויסע מהומות, די מלוכה איז ענדליך אנגעקומען צום בעזואסטען בלשצר, און דא האבען זיך אנגעהויבען פריישע צרות פאר יודען. דען ער איז געווען א גרויסער שונא־ישראל, אונזערע פרומע לייט האט ער זעהר געדריקט, ער האט נור מקרב געווען די יודישע אסימיליאנטען, וועלכע האבען זיך געשעמט מיט'ן נאמען "יוד", אויף זיי האט ער גערעכענט, אז זיי וועלען זיך געוויס אלע אויסשמדען. יוען ער וועט זיי פריינדליך צו זיך ציהען.

אום די אמת'ע יודען נאך מעהר צו דריקען האט ער בעפרייט די געפאנגענע פעניציאנער (פון דער שטאדט צ ו ר וואס איז ביי ארץ־ישראל) און זיי געלאזען צוריק אויפבויען זייער קעניגליכע שטאדט. דא האבען איינינע פון אונז געהאפט, אז ווי ער האט אונזערע געוועזענע שכנים בעפרייט, אזוי וועט ער אויך אונז בעפרייען. צו יענער צייט איז מיין גראספאטער יכניה געשטארבען. מיין פאטער אבער פלעגט זעהר אפט קומען אין קעניגליכען פאלאץ, ער האט נאך אליין געהאט דען טיטעל אלס ערשטער פירשט איבער די אלע יודען אין בבל. ער האט אנגעהויבען שטארק צו בעטען ביים קעניג פאר די יודען, ער זאל זיי אויך בעגנאדיגען און ערלויבען נאך זייער פאטערלאנד צו געהן. ער איז אבער געפאלען אין אונגנאדע ביים קעניג, און ער האט איהם פערבאטען ער זאל מעהר ניט וואגען אויף זיין שוועל צו קומען. אז אונזערע יודען האבען דערהערט אז זייער האפנונג איז צו שאנדע געווארען, און אז מע וויל זיי דוקא געפאנגען האלטען, און קיינמאל בעפרייען, האט זיך ער־וועקט אין זיי נאך מעהר אייפער פאר זייער פאלק און לאנד, און האבען זיך א הייליגע שבועה געגעבען, ביי יעדער געלעגענהייט זיך צו דערמאנען אן ירושלים, זיך צו שטארקען אין זייער הייליגע אמונה, און זיך טרעסטען מיט די נבואות וועלכע פערקינדיגען אין גאט'ס נאמען אז בבל וועט שלעכט ענדיגען, עס וועט איהר אויסגעהן א פינסטערער סוף פאר אלעם שלעכטס וואס יודען האבען פון איהר געהאט. זיי האבען זיך אבער געמוהט היטען פאר זייערע אייגענע פאלשע ברידער, זיי זאלען זיי ניט פערמסר'ען.

דען דיעזע פאלשע ברידער, די רייכע אריסטאקראטען, האבען זיך דאמאלס גאנץ איבערגעגעבען צו די כאלדעער, זיי האבען ניט נור זיך אבגעזאגט פון יודישע מנהגים, און אנגענומען אלע זיטען פון די היידען זיי האבען נאך געגעבען מסירות אויף די פרומע גלויביגע יודען, אז זיי ווארטען אויפ'ן בעזען סוף פון בבל, ווייל זיי האבען די העזה צו האפען, אז זיי וועלען נאך צוריקגעהן אין ארץ־ישראל. אלס בלשצר האט דאס דערהערט, איז ער זעהר צארניג געווארען, און האט א בעפעהל געגעבען, אלע אונצופריעדענע אלס עמפערער צו חאפען און שווער בע־שטראפען. אויסערדעם האט ער אויפגעלעגט א שווערען יאך אויף אלע יודען, זיי אומברחמנות צו דריקען און דאס לעבען ביטער צו מאכען.

(פארטזעטצונג קומט).

---

# דער ספאדעק.

(א ליעד'ל).

"לאמיר באהאלטען
א ספאדעק אן אלטען
בחדרי חדרים אויף לאנג,
ח'זאל. אונזערע טעכטער
ניט זיין צום געלעכטער
דער כשרער יודישער גאנג"...

(א אלט פאלקס־ליעדעל).

מיצליך, פאנטאפעל מיט ווייסינקע זעקעליך,
בעקעשעס לאנג ביז דער ערד,
פאות געקרייזעלטע, פאות צופלאטערטע,
לאנגע צובארשטענע בערד.

שטריימעליך סויבלענע, ליעטניקעס, יארמעלקעס,
גארטלען פון אטלעס און זייד....
וואו איז די אלטע, אויף אייביג פערגאנגענע,
ווילדע און נארישע צייט?....

יודען אין פראקעס, אין ווייסינקע האלזטוכליך...
א בודואר און א זאל....

יודישע ווייבער פערפוצטע, געקונצעלטע
נאך דעם פאריזער זשורנאל —

און מיט דיפלאמען, מעדאליען געבילדעטע
גאר א'ן אנטיק יונגע־לייט...
וואו איז די אלטע, אויף אייביג פערגאנגענע,
ווילדע און נארישע צייט?.....

וואו אבער ביסט־דו, דאס הייסעס און ערנסטעס,
ליעבענדעס יודישעס הערץ?
וואו איז דער טיעפער, מיט טרעהרען בעגאסענער
אמת'ר יודישער קרעכץ?

וואו איז א ברודער, א פראסטער, אלטמאדישער?
זאגט מיר, בעוויזט, קלוגע לייט —
וואו איז די אלטע, די ווילדע, די נארישע —
ליעבע און טהייערע צייט?....

ש. פרוג.

# די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** *** ענדע פאריגען חודש איז געווען די ערשטע אסיפה פון די אקציאנערען אין ווינער „כרמל”. אלע וועלכע האבען געהערט איבער דעם בעריכט פון דעם ערשטען יאהר האבען מודה געווען אז דער כרמל־וויין און קאניאק זענען וואס אמאל מעהר נושא־חן אויך אין עסטרייך און ס'איז דא האפנונג ער זאל וואס אמאל מעהר פערברייטעט ווערען. עס איז בעשלאסען געווארען, אויך ווייטער, אזוי ווי ביז יעצט, דעם „כרמל” נישט צו האלטען פאר א בלויס „געשעפט”, נאר שטענדיג אין זינען צו האבען אז ער איז זעהר נייטיג פאר די קאלאניעס אין ארץ ישראל: ערשטענס מוז מען די פלייסיגע קאלאניסטען שטיצען און זיי העלפען אבזעצען זייערע פראדוקטען, צווייטענס זאל די וועלט וויסען אז יודען האבען נישט מורא פאר שווערער עהרליכער ערד־ארבייט. דריטענס זאל די וועלט טרינקען „יודישען וויין” וואס איז עהרליך און נישט געפעלשט. ביז יעצט פלעגט מען פאלשען וויין רופען: „יודען־וויין”; יעצט וועט דער ארץ־ישראל־וויין ווייזען דער וועלט, אז דער נאמען „יודען־וויין” איז גאר נישט קיין חרפה, ווייל יודען פערקויפען טאקי עהרליכען גוטען וויין. נאך דעם בעריכט ווייזט זיך, אז קריסטען קויפען פיעל וויין און זענען פון איהם צופריעדען, און כדי יעדער זאל טאקי אויפ'ן ערשטען בליק דערקענען אז דאס איז „יודען־וויין” איז בעשלאסען געווארען צו שרייבען אויף די עטיקעטען נישט נור די פראנצעזישע נעמען נאר אויך די העבראישע.

*** דיזע וואך האבען זיך שוין אנגעהויבען די וואהלען פון דעלעגאטען צום דריטען באזעלער קאנגרעס. די עצה וואס אונזער מיטארבייטער ה' ווארטסמאן האט געגעבען („דער יוד” N. 10) אז די דעלעגאטען זאלען נישט זיין דוקא רייכע לייט וואס פאהרען אין די בעדער אריין און צום פערגניגען טרעטען זיי אפ אויף אפאר טעג אין דער שווייץ אויך, נאר מען זאל גוט אכטונג געבען וועמען מען וועהלט, כדי דער קאנגרעס זאל זיין א אמת'ע פערטרעטונג פון יודישען פאלק — די עצה האט אויך געגעבען א ווינער ציוניסט אין דער „וועלט” און ראטה די ציוניסטישע חברות זיי זאלען נאר אויסקלויבען אזעלכע דעלעגאטען וועלכע זענען אין שטאנד צו זיין פאלקס־פערטרעטער און יעדע חברה זאל איהרע דעלעגאטען געבען אויף הוצאות ווען זיי זענען נישט אין שטאנד צו פאהרען אויף אייגענע קאסטען. אז דער דעלעגאט וואס וועט אויסגעקליבען ווערען, וועט נישט וועלען נעהמען ביי דער חברה אויף הוצאות איז אוודאי גוט; אבער מען זאל איינעם דערפאר אויסקלויבען נור ווייל ער פאהרט אויף אייגענע הוצאות, דאס איז נישט גוט פאר'ן קאנגרעס, וועלכער בעדארף האבען טיכטיגע פערטרעטער וואס דער ציוניזם איז ביי זיי הייליג. —

*** די לייטונג פון באראן־הירש־שטיפטונג פאר שולען אין גאליציען האט ארויסגעגעבען א בעריכט פון איהר טהעטיגקייט אין 1897/98 יאהר. אין די לעצטע 2 יאהרען איז געגרינדעט געווארען נאך 10 שולען אזוי אז ס'איז שוין דא צוזאמען מיט די אלטע 50 שולען, וועלכע ווערען בעזוכט פון א ערך 9000 קינדער, די שולען אין וועלכע די פרומע עלטערן האבען א צייט לאנג נישט געוואלט שיקען זייערע קינדער זענען וואס אמאל שטארקער בעזוכט, עס קומען אין זיי אפילו קינדער, וואס וואהנען האלבע מיילען ווייט פון דער שטאדט וועלכע האט א שולע. פון אלע שולען האבען שוין 18 זייערע אייגענע געביידע, און איצט ווערען נאך צוגעבויט 6 נייע שולען. אין דעם יאהר 1897/98 זענען בעקליידעט געווארען 5250 קינדער; 6847 ארומע קינדער האבען בעקומען ביכער און רעקוויזיטען און 3048 האבען אין ווינטער צייט בעקומען אויך מיטאג. א חוץ די פאלקס שולען פיר קינדער זענען אויך איינגעריכטעט אבענדקורסען וועלכע ווערען בעזוכט פון ערך 2000 תלמידים. 66 תלמידים פון פערשידענע לעהרער־סעמינארען אין גאליציען בעקומען סטיפענדיום פון דער הירש־שטיפטונג. אלס האנדוועקער זענען פאריגעס יאהר געווען איינגעשריעבען אויף קאסטען פון דער שטיפטונג 432 תלמידים; 56 פון זיי האבען שוין אויסגעלערנט זייערע מלאכות.

*** דער וויענער פעראיין וועלכער קעמפפט קעגען אנטיסעמיטיזמוס גיבט יעדעס יאהר ארויס איין קאלענדער, דעם קאלענדער פון הייניגס יאהר האט ער געשיקט זיינער מאיעסטעט דעם רוסישען קיסר וועלכער האט איהם אנגענומען און אין א בעזונדערען בריעף ביי דער חברה זיך שעהן בעדאנקט. די וויענער צייטונגען זעהען דארינען איין בעווייז, אז דער קיסר האט נישט ליעב די אנטיסעמיטישע בעוועגונג.

*** אין קארלסבאד איז פאריגע וואך פלוצלינג געשטארבען דער בערימטער פראפעסאר פון בודאפעסטער ראבינערשולע ד"ר דוד קויפמאן, וואס איז געווען איינער פון די גרעסטע יודישע געלעהרטע, וועלכע ארבייטען אין דער יודישער וויסענשאפט. תנצב"ה.

*

**דייטשלאנד.** *** אין פיעל שטעדט זענען געמאכט געווארען הספדים אויף דעם ראבינער ד"ר הילדעסהיימער פון בערלין, איבעראל האט מען דערציילט פון זיין פרומקייט און זיין ליעבע צום יודענטהום פאר וועלכע ער האט זיין לעבען לאנג געארבייט.

*** די ענגלישע מיסיאנערע אין בערלין האבען געדרוקט א בעריכט פון זייער טהעטיגקייט. ווי האבען דאס יאהר בעזוכט 772 יודישע הייזער, 98 דרשות געהאלטען, 8000 ביכער ניי געדרוקט און 48,578 שריפטען פערברייטעט: דאס אלעס האט איינגעטראגען — 581 מארק. פאר די גאנץ גרויסע הוצאות איז זיי געלונגען צו בקומען 2 נייע משומדים און 5 וועלכע האבען שוין צוגעזאגט אבער זיך נאך נישט געשמד'ט!

*

**רוסלאנד.** — עס איז אמאל געווען א צייט וואס יודען האבען געוויינט און גוזר תענית געווען דערפאר וואס מען וויל, זיי זאלען לאזען בילדען זייערע קינדער, שיקען זיי אין די שקאלעס. יענע צייט איז שוין לאנג אריבער און, דאכט זיך, וועט שוין קיינמאל ניט צוריקקעהרען. איצט ווייסען שוין אלע אז בילדונג איז נעטיג, די שקאלעס ברענגען נור נוצען. הלואי וואלט נאר געווען אזוי פיל שולען ווי אונזערע ברידער וואלטען גערן געשיקט אהין זייערע קינדער. ליידער אבער פעהלען ביי אונז שולען און פון אלע זייטען הערט מען יודישע עלטערן בעקלאגען זיך, זיי האבען ניט וואו צו בילדען זייערע קינדער. לויט ווי א בעזונדערע קאמיסיע פון דער חברה „בילדונג פערשפרייטער” האט חוקר־ודורש געווען, געפינען זיך אין יודישען ראיאן מעהר פון 800 שטעדט און שטעדטליך אהן א איינציגע שולע; איבער 400,000 יודישע קינדער ווערען ערצויגען אהן די מינדסטע בילדונג. די אורזאכע דערפון איז ערשטענס: ווייל עס פעהלען טהוערס און געלד. אליין פון זיך ווערט א שולע ניט בעשאפען, מען בעדארף מענשען וואס זאלען זיך מיט דעם בעשעפטיגען, טהון, אויסארבייטען א ערלויבניש א. ז. וו; מען בעדארף געלט צו דעם אלעמען און אין די מייסטען יודישע שטעדטליך איז די ארימקייט זעהר גרויס; די וויכטיגסטע אורזאכע איז אבער די צווייטע: עס פעהלען ביי אונז גוטע לעהרער, געאיבטע פעדאגאגען, וואס זאלען זיין פעהיג לערנען און ערציהען קינדער. דער לעהרער אינסטיטוט פון ווילנא גיט ארויס זעהר ווייניג גוטע לעהרער און זיי קריגען באלד א שטעלע אין די שולען פון דער רעגירונג. פיל שטעדטליך לאזען א גאנץ יאהר ניט צורוה דער פעטערבורגער חברה „מפיצי השכלה” זי זאל זיי שיקען עפיס א גוטען לעהרער און עס קאסט פיל צייט און מיה איידער זי געפינט אזא לעהרער.

— עס איז ארויס א בעפעהל פון מיניסטער אז אויף דעם וואל־יריד אין ראסטאוו אם דאן זאלען יודען מעגען קומען פון רוסלאנד, פולין און אויסלאנד, צו מאכען געשעפטען, קויפען וואל אדער פארקויפען (אין ראסטאוו איז יודען ניט ערלויבט צו וואהנען)...

— פון פיעל שטעדט קומען ידיעות, אז די עמיגראציע האט זיך ווייטער אנגעהויבען. הונדערטער פאמיליעס פאהרען ארויס פון רוסלאנד אין אפריקא און אמעריקא. בעזונדערס פאהרען פיעל פון די ערטער, וואו ס'זיינען געווען די לעצטע צייט אונרוהען און עקסצעסען. פון ליבוי איז אוועקגעפאהרען דען 22 מאי מיט דער שיף „קאנסטאנטין” א קאמפאניע מעהר פון 100 פארשוין. זיי פאהרען איבער לאנדאן קיין דרום־אפריקא און אמעריקא.

— די געזעלשאפט צו פארשען די היסטאריע פון דער מדינה ביי'ם באלטישען ים האט ארויסגעגעבען א בוך וועגען דער געשיכטע פון יודען אין דער שטאדט ריגא אין די לעצטע דרייהונדערט יאהר. דער מחבר פון דעם בוך איז הערר אנטאן בוכהאלץ. ער האט געפונען פיעל מאטעריאל, דאקומענטען און אלטע כתבים אין די ארחיווען און בעשרייבט אלסדינג וואס מיט יודען האט פאסירט אין יענער שטאדט ביז דעם יאהר 1842, ווען ס'איז איינגעארדנעט געווארען אין ריגא א יודישע קהלה.

— עטליכע איינוואוהנער פון דער שטאדט באלטא האבען זיך בעקלאָגט פאר'ן סענאט אויפ'ן גובערנאטאר, וועלכער האט זיי ניט ערלויבט צו גרינדען א חברה „העלפען ארימע יודען", דערפאר וואס די חברה וויל נור שטיצען יודען אליין און ניט קיין אנדערע מענשען. דער סענאט האט איינגעזעהן אז דער גובערנאטאר האט קיין רעכט ניט געהאט זיי אפזאגען גרינדען אזא חברה, און האט געהייסען סקאסירען דעם גובערנאטאָרס בעפעהל.

— לויט דעם אלערהעכסטען בעפעהל פֿון 21 יולי 1893 מעגען אלע יודען, וועלכע האבען זיך פאר'ן 3 אפריל 1880 בעזעצט אין ליפלאנדער און קורלאנדער גובערניע, בלייבען דארט וואהנען, נאר אבער מיט דעם תנאי „אז זיי זענען ניט געריכטליך געשאנדעט". איינער פון ריגא'ער יודען, יעקב וואלף, האט געהאט א משפט און איז געשטראָפט געווארען, האָט דער מיניסטער איהם דאדורך שוין ניט געוואלט מעהר ערלויבען וואהנען אין ריגא. דער יוד האט אנגעגעבען צום סענאט און דער סענאט האט געפסק'הט, אז „געריכטליך געשאנדעט" מיינט מען נור אז ער האט געטהון א גרויסע עבירה פאר וועלכע מען בעשטראפט צו צונעהמען די רעכטע (לישעניע-פראוו) אדער די עברה בעדעקט איהם מיט גרויס שאנדע און ווייזט אז ער איז א מענש מיט פערדארבענע זיטען אבער ניט א געוועהנליך פערברעכען וואס יעדער מענש קען ארייגפאלען און פארמשפט ווערען. — על כן האט דער סאנאט ערלויבט דעם יודען וואלף וואהנען פריי אין ריגא.

— אין אייניגע ערטער ערלויבט מען ניט די יודען ארויספאהרען זומער אין א „דאטשע" ווייל לויט די גזעצע פון 3 מאי 1882 איז יודען ניט ערלויבט צו וואהנען אויסער'ן שטאדט. דער סענאט האט אבער שוין פיעל מאל ערקלערט אז דאס געזעץ פארביט נור זיך בעזעצען אויף שטענדיג אין א דארף, אדער אין א גוט אויסער'ן שטאדט, אבער ניט צו זיצען דארט א קורצע צייט. יעצט איז ווידער ארויס א בעפעהל פון סענאט אדות דעם, און מיר ווילען איהם דא ברענגען ווארט-פיר-ווארט, כדי די וואס די זאך איז זיי נוגע זאלען זיך קענען מיט דעם בענוצען:

„אויף בעפעהל פון זיין קייזערליכער מאיעסטעט האט דער רעגירונגס-סענאט אויסגעהערט די קלאג פון די שטאדט לייט שמעון און דבורה אנבינדער, אויף דעם טשערניגאוור גובערנאטאר, וועלכער האט זיי ניט ערלויבט צו זיצען אום זומער אויף א דאטשע ביים פאלוואריק פילנא, נאוואזיבקאווער בעצירק. דער סענאט האט אזוי בעפאהלען: אויסהערענדיג די אומשטענדען פון דעם דאזיגען משפט זעהט מען אז ערשטענס: די בעמערקונג 4 צום פאראגראף 959 באנד IX פון געזעץ-בוך פערביט, נאך די געזעצע פון 3 מאי 1882, יודען זאלען זיך אויפ'ס ניי בעזעצען אויסער'ן שטאָדט, אבער ניט אז זיי טארען ניט ארויספאהרען פון שטאדט און זיצען א קורצע צייט אין א דארף, אז זיי האבען נעטהיג דארט צו זיצען. צווייטענס: די צוויי לייט אנבינדער האבען געבעטען ערלויבען זיי זיצען נאר עטליכע חדשים אום זומער אויף דער דאטשע ביים פאלווארעק; דריטענס: דער גובערנאטאר האט גאר ניט געגעבען קיין טעם פאר וואס ערלויבט ער זיי ניט, דערום האט דער רעגירענדער-סענאט בעפאָהלען מבטל זיין דעם פסק פון גובערנאטאר און שיקען איהם א בעפעהל, אז די יודען מעגען וואהנען אין דער דאטשע. — פעווראל דען 3, 1899, נומר 1144".

— פון דובבעלן שרייבט מען, אז הייגטיגען זומער ערלויבט שוין די פאליציי יודען קומען אהין באדען זיך אין ים, הן אין דובבעלן זעלבסט הן אין אנדערע ערטער ביים ברעג ים, וואו יודען איז ניט ערלויבט צו וואהנען.

— די צייטונג „וואסטאטשנאיע אבאזרעניע", וועלכע דרוקט זיך אין אירקוטסק, שרייבט פון א זיכערע קוועלע, אז דער גענעראל-גובערנאטאר פון דארטען האט פארגעשטעלט דער רעגירונג, מאכען לייכטער פאר יודען זיך בעזעצען אין סיביר, ווייל ס'איז ניט קיין יושר, אז גנבים, פערברעכער, וואס ווערען פערשיקט פאר שווערע עבירות, זאלען יא מעגען (און זאגאר מוזען) וואהנען אין סיביר און ארענטליכע מענשען — ניט.

— די אדעסער אבטיילונג פון דער חברה צו פערשפרייטען בילדונג צווישען יודען האט בעשטימט, אז הערבסט-צייט, ד"ה קעגען ווינטער, וועט זי האלטען ניצליכע, וויסענשאפטליכע דרשות פאר'ן פאלק. דער געזעלשאפט קומט א הערצליכען דאנק פאר דעם פלאן, ווייל אזעלכע דרשות זענען טאקי זעהר נייטיג דעם פראסטען פאלק און קענען זעהר פיל נוצען ברענגען.

*

**ענגלאנד.** *** די דירעקציאָן פון דער „יודישער קאָלאָניאלבאנק" בעריכטעט, אז פון פיעל זייטען קומען אנפראגען ווי פיעל אקציען ס'איז שוין ביז איצט געצייכנעט. עס איז אבער ביז איצט נאך נישט מעגליך דאס אַקוראט צו וויסען. יעדענפאלס וועט, ווי ס'ווייזט אויס, די צאהל פון 250,000 אקציעס איבערשריטען זיין. דער אוידיטאר פון דער באנק וואס האט נאך דער ענגלישען געזעץ צו פריוען די רעגיסטער האָט ערקלערט, אז אין ענגלאנד איז נאך ביי קיין שום נייער באנק אזוי גיך געוועז איינצוטראָגען אזוי פיעל צייכנער ווי ביי דער יודישער באנק גלייך ביים אנפאנג.

*** אלע ענגלישע בלעטער שרייבען איבער דעם אינטערעסאנטען פאל, וואס א יודישען יונגעל פון א יאהר 14 מיט'ן נאמען ראבינאוויטץ אויס רוסלאנד האט געשיקט א גליקוואנש דער קעניגין צו איהר 80טען געבורטסטאג. די קעניגין האָט דאס יונגיל געלאָזט רופען און האָט איהם געפרעגט וואס פאר א בקשה ער האט צו איהר. ער האָט געזאגט, ער האָט נור איין בקשה, ער זאָל קענען שטודירען און זיינע אָרומע עלטערן אונטערשטיצען, די קעניגין האָט איהם צוגעזאָגט אז זיין בקשה וועט ערפילט ווערען.

*** אויסער דער גרויסער אסיפה פון פאָליטישע ציוניסטען ד. ה. די אנהענגער פון באזעלער קאָנגרעס און ד"ר הערצעל, וועלכע איז ניט לאנג געווען אין לאָנדאָן, און ביי וועלכער עס האָבען געשפראָכען ד"ר הערצל, ד"ר גאסטער און נאָך פיעלע אנדערע דעלעגאטען פון ציוניסטישע חברות — איז פאר 2 וואָכען אין לאָנדאָן געווען נאָך א אסיפה פון פראקטישע ציוניסטען ד. ה. אזעלכע וואָס ווילען נור תיכף קאָלאָניזירען, ביי וועלכער עס האָט זיך געהאנדעלט וועגען שטיצען די גאליצישע קאָלאָניע „מחנים". אין דער אסיפה האָט דער בעקאנטער גענעראל ווילסון בעריכטעט איבער זיין רייזע אין ארץ-ישראל און האָט זעהר געלויבט די יודישע קאָלאָניעס.

*

**פראנקרייך.** *** די חברה „כל ישראל חברים" (אליאנס-איזרעאליט) בעריכטעט פון יאָהר 1898, אז זי האָט געשטיצט 57 שולען פאר יונגליך און 34 פאר מיידליך אין די מזרח-לענדער. אין דיזע שולען זענען געווען אין דעם יאָהר פערשריעבען 26,000 תלמידים. צו די הוצאות פון די שולען גיבען די געמיינדע אין מזרח 450,000 פראנק, און דאָס איז א בעוויז אז די יודען פון מזרח לענדער שטרעבען איצט שטארק צום אויסבילדען זייערע קינדער.

*** אויף די אנטיסעמיטישע בלעטטער פון פראנקרייך בעקלאגען זיך די יודישע סוחרים, וואָס זיי שאדען זיי צום געשעפט ווייל זיי העצען אויף דאָס פאָלק. יעדעסמאָל זענען פראָצעסע ביי געריכט און פאָריגע וואָך האָט איין אנטיסעמיטיש בלאט געמוזט בעצאהלען 5 יודישע סוחרים צו 500 פראנק שאָדען-ערזאץ און חוץ דעם די הוצאות פאר'ן פראָצעס און פאר אָפדריקען דעם משפט אין צייטונגען. —

*

**אמעריקא.** *** לויט דער לעצטער פאָלקסצעהלונג וואָהנען אין נאָרדאמעריקא אין די פעראייניגטע שטאאטען אליין ארעך פון 1,200,000 יודען. דער גרעסטער טהייל יודישע וואָהלטהעטיגקייט-אינסטיטוציעס געפונט זיך אין ניו-יאָרק, איבער וועלכע עס ווערען זעהר שענע בעריכטע אין די צייטונגען געלעזען. אין ניו יאָרק ווערט איצט צ. ב. ש. געבויעט א נייעס געביידע פאר דעם שפיטאָל „הר סיני", וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען פאר עטליכע יאָהרען. פאר דעם פלאץ אויף וועלכען דאָס געביידע וועט שטעהן האָט מען געצאָהלט 400,000 דאָלאר און דאָס גאנצע געביידע וועט קאָסטען נישט וועניגער ווי א ערך פון 1,400,000 דאָלאר. צו דער גאנצער סומע פעהלט 250,000 דאָלאר, וועלכע מען האָט בעשלאָסען נישט אנצונעהמען פון פרעמדע נור פון ניו-יאָרקער גבירים אליין, און דאָס נור פון יודען און נישט פון אנדערע גלויבען. פונדעסטוועגען וועלען אין דעם שפיטאָל בעהאנדעלט ווערען אויך קראנקע פון אנדערע אמונות.

*** אין צינצינאטי איז נישט לאנג געשטאָרבען איינער פון די בעריהמטסטע יודען אין אמעריקא, יעקב יחזקאל, וועלכער האָט מיט יאָהרען צוריק אלם אמעריקאנישער געזאנדטער אין דער שווייץ זיך אָנגענומען פאר די אמעריקאנער יודען, וועלכע האבען געוואָהנט אין דער שווייץ און מען האָט זיי דאָרט שלעכט בעהאנדעלט. ער האָט דאמאָלס געפועל'ט נישט נור מען זאָל די אמעריקאנער יודען בעסער בעהאנדלען, נאָר אפילו פאר די איבריגע יודען אין דער שווייץ האָט מען דאמאָלס אָפגעשאפט אייניגע שטרענגע געזעצע פון אלטע צייטען און געגעבען אנדערע פרייערע געזעצע.

---

# פעלעטאָן.

## ישראל'ס דרשות.

### I.

דער טאטע איז מלא גדולה, דער מאמעס אויגען גלענצען און שווימען אין טרעהרען פאר שמחה. זיי ווייסען ביידע פאר גדולה גאר ניט וואָס צו טהון. ישראליק זייער קינד, נאָך ניט א מאָל גאנצע פינף יאהר אַלט, א יונגעלע — נור א ברכה צו מאכען איבער איהם, א יונגעלע מיט רויטע בעקליך און מיט א שען שווארץ געקרויזט קעפעלע, אָנגעטהון אין א שפּאָגעל-נייעם אנצוג און בעהאנגען מיט זייגערליך, שטעהט אויף דעם טיש. דאָס ווייסע זיידענע טיכעל, וואָס די מאמע היט עס אָפ תמיד ווי א אויג אין קאָפ ס'זאָל חלילה קיין פלעק דארויף ניט קומען, דאָס ווייסע זיידענע טיכעל מיט געשטיקטע ווייס געלבליכע בלומעליך, וואָס די מאמע טהוט עס אָן נור צוויי מאָל אין יאָהר, פסח צום סדר און יום-כפור אין שול אריין, — אָט אויף דעם ווייסען זיידענעם טיכעל שטעהט איצט ישראליק מיט זיינע פיס און — די מאמע פערגעסט אין אַלעם. אלע

איהרע מחשבות, איהר גאנץ הארץ, איהר גשמה, הענגען אין דעם קינד'ס ליפען. ס'שיטען זיך דאָך פערל פון ישראל'ס מויל. א פולע שטוב מיט יודען, יונגע און אַלטע, לומדים און חשובע בעלי-בתים. אויך אלע זיינע חברים, וואָס לערנען מיט איהם אין חדר, זענען פערזאמעלט, און ר' האלט זיין ערשטע דרשה גלייך ווי גאָר ניט ער. ער דרש'ט ווי א גרויסער בעל-דרש'ר. ער דרש'ט איבער דער קליינער „א" פון ויקרא.

— וואָס לערנסט-דו, יונגעלע? — פרעגט איהם זיין חבר, דער אָבפרעגער, מיט א קוויטשענדיג קול'כען.

— חומש! — ענטפערט ישראליק נאָך מיט א העכער קול.

— וואָס איז די טייטש פון חומש?

— חומש איז די טייטש פינף!

— וואָס פינף? פינף בייגעל פאר א קאָפּיקע?!

— ניין, דו נארעלע, פינף ספרים זענען דא אין דער הייליגער תורה!

— ווי הייסען זיי?

— בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים!

— וואָס פאר א ספר לערנסט דו?

— ויקרא!

— פאר וואָס לערנסט דו ויקרא?

— ווייל ביי ויקרא איז דאָ א קליין אלפ'ל און איך בין א קליין יונגעלע!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרעהט אייך, טאַטע-מאַמע! אייער זוהנדעלע איז א גאַנץ וואול בעל-דרש'ריל: נאָר ווייסט איהר, וועניגסטענס, אז דאָס איז ניט זיין ערשטע דרשה, אז ער האָט שוין א מאָל גדרש'ט אויף ויקרא מיט א גרויסער „א", און דוקא אָהן א אָבפרעגער און טאקי אָהן ווערטער נאָר עפּיס גאָר אויף א אנדער מין לשון, אויף קינדיש-לשון? געדענקט איהר, געדענקט איהר גוט אז תיכף ווי ער איז געבוירען געוואָרען האט ער מיט א ביטער יאָמערליך קול געשריגען! אָט דאָס האָט ער אייך געהאלטען א גרויסע שרעקליכע דרשה איבער א שרעקליכען ויקרא מיט א גרויסער פייערריגער „אלף"...

נאָר טאַטע-מאַמע פערשטעהען ניט זייער קינד'ס לשון, טאַטע מאַמע קענען ניט פערשטעהען אז זייער קינד זאָל קענען האלטען א דרשה איידער ס'האט זיי געקאָסט רבי-געלד. יאָ! עס זענען דאָ פיעל זאכען וואָס מיר זינדיגע מענשען קענען ניט אָדער ווילען זיי ניט פערשטעהען און דאָך זענען זיי אמת. ס'זענען דאָ פיעל לשונות וואָס ווען מיר זאלען זיי פערשטעהן וואָלטען מיר גאָר אנדערש געקוקט און אַנדערש בעטראַכט די גאַנצע וועלט און אונזער זינדיג לעבען. פערשטעהען מיר דען, למשל, שיחות חיות ועופות? פערשטעהען מיר דען די שירה וואָס די פעגעליך זינגען? פערשטעהען מיר דען שיחת דקלים, דאָס לשון פון די ביימער אין וואלד, בשעת אַ שטיל ווינטעלע גלעט זיי איבער די אַלטע קעפ ביז זיי ווערען א ביסעל געהויבען און רוישען צווישען זיך סודות און וואונדערליכע מעשיות פון אלטע צייטען? פערשטעהען מיר דען דעם רעש און די געוואלד'יגע דרשה, וואָס דער קליינער טייך דרש'ט אונז, בשעת ער גליטשט זיך העראָב פון די פעלזען און פאלט אריין אין דעם גרויסען ים? פערשטעהען מיר דען נאָך כדומה וכדומה אזעלכע זאכען? היינט גאָר פערשטעהן קינדיש-לשון!..

אונזערע הייליגע חכמים זאָגען: ס'איז נישטאָ קיין טעג, וואָס א מענש זאָל גליקליכער זיין אלס אין דיעזע טעג (וואָס ער איז ביי דער מאַמע אין בויך), מ'לערנט איהם די גאַנצע תורה, און קוים קומט ער אויף דיעזער וועלט, קומט א מלאך און גיבט איהם א שנאָל אויף דער אייבערשטער ליפּ און מאכט איהם פערגעסען די גאַנצע תורה".

אצונד פערשטעהט איהר שוין אז א נפש'ל, וואָס האט געלערנט תורה-כולה אויף איין פיס, האָט וואָס צו דרש'נען; אצונד פערשטעהט איהר שוין אז א קליין מענשעלע, וואָס האָט ערשט געהאט די גליקליכסטע טעג אין אזא גן-עדן ווי דער מאַמעס בויך איז, האָט וואָס צו געוואלדעווען: „ערשטענס, וואָס שאדט אייך אז איך וועל קומען מיט מיין תורה אויף דער נייער וועלט? האט איהר באמת מורא טאָמיר וועל איך אויסזאָגען סודות פון אייך? צווייטענס אז ס'טויג איך זאָל אייערע סודות דערצעהלען און אז איהר האט צו אזא אומשולדיג קינד, ווי איך בין, אויך קיין פערטרויען ניט, צי וואָס האט איהר מיך גאר מתחלה געלערנט די גאנצע תורה, כדי איהר זאלט זי מיך דערנאָך מאכען פערגעסען? דריטענס, אז איהר האט חרטה און איהר ווילט ניט און ס'טויג אייך ניט אז איך זאָל עפּיס קענען, קענט איהר דאָך געברויכען א אנדער מיטעל, א גרינגערס. פאר וואָס קומט מיר א שנאָל אויף דער אייבערשטער ליפּ, דערצו נאָך א שנאָל פון א מלאך?!.."

און ישראל שרייעט מיט א יאָמערליך קול, ישראל איז מרעיש עולמות, ישראליק האט צו זאָגען בערג אויף ויקרא מיט א גרויסער „א".

## II.

גרויסע פעק און קליינע פעקליך, קופערטעס און רענצליך, קאסטען און קעסטליך פון פערשיעדענער גרעסע און פערשיעדענער פארב; א מיש-מאש פון מענשען מיט פערשיעדענע פּנים'ער און פערשיעדענע בגדים, אויס פערשיעדענע לענדער מיט פערשיעדענע לשונות; א רעש א געטימעל ווי אין דור-הפלגה. רבותים, איהר ווייסט אויף וועלכען אָרט און אין וועלכער צייט מיר געפונען זיך? אין האמבורג אויף דעם גרויסען פלאַטץ ביים ברעג פונ'ם ים, מיטוואָך נאָכמיטאָג, צוויי א זייגער.

נאָך א קליינע שעה איז צו ווארטען ביז ס'וועט קומען די גרויסע שיף און וועט אין זיך אריינגעהמען דעם גאנצען עולם מיט זייערע פערשיעדענע פעק אום זיי אוועקפיהרען קיין אמעריקא.

און אז מ'זאָגט ווארטען מוז מען ווארטען. ס'העלפט קיין חכמות נישט. אָט שטעהט איינער אָנגעשפארט ביים געלענדער אנגעטהון ווי א שררה, פריזירט און פארפימירט גלייך ווי ער וואלט מאכען א „האָכצייט-רייזע" -- א דייטש'ל ווי אין פסוק שטעהט. ער גלאָטצט אויף דעם ים, צעבייסט מיט די ציין אלאנגע שטרוי וואָס ער האלט אין דער לינקער האנד, טרעסעלט שטארק מיט'ן רעכטען פוס, טאפט זיך יעדע מינוט מיט דער רעכטער האנד אויף דער לינקער בוזים-קעשינע. ער האט קיין געדולד ניט, ער איילט זיך, ער וואלט זיך שוין געוואָלט זעהן אויף דער שיף, נאר גאָר צערייס זיך. — ניט ווייט פון איהם זיצט א חברה רוטהעניש בויערן אויס גאליציען, מענער ווייבער און קינדער, אנגעטהון אין זייערע היימישע מלבושים. זיי זיצען אויסגעזעצט אויף זייערע קאסטענס, וואָס זענען געפארבט מיט רויטע און בלויע פאסקעליך. זיי ברייטען זיך איצט פאר צו א גאנצער סעודה. אָט נעהמט יעדער בויער ארויס פון זיין בוזים א פלעשיל בראנפען, גאָרגעלט אויס דעם פלעשיל א היבש ביסעל, גיבט דאָס פלעשיל דעם ווייב און זי איז זיך אויך אזוי נוהג ווי ער. זי האלט דערנאָך דאָס פלעשיל אין דער האנד, שטיפט אריין דאָס פוסקיל פונ'ם פלעשיל יעדעם קינד אין מויל, אָבער זי חאפט עס באלד צוריק. דערנאָך בייסט די גאנצע חברה ווי אויף קאָמאנדע, צוגעשימעלטע מאלאיעס (קוקערוזברויד) געפולט מיט ציבעלעס, וואָס זיי האבען נאָך מיטגעבראכט פון דער היים. אפילו די קינדער קייען גאנץ געשמאק דאָס שטיק מאלאי מיט ציבעלעס און זיי האלטען יעדער אין זיין לינקער האנד דאָס האלבע זעמעל, וואָס ער האט בעקומען אין האמבורג א מתנה פון זיינע עלטערן. זיי פערגינען זיך ניט דאָס ווייסע זעמעל אויפצועסען. זיי האָבען נאָך צייט. ס'איז א לאנגער, לאנגער וועג ביז בראזיליען, וואָהין זיי וואנדערן אויס. — אויף א ברוינעם קופערט מיט קליינע רעדליך זיצט א קליין אויסגעדארט יודיל מיט א קלייענדיג פנים און א רויטליכער באָרד, א שניידער אויס טארנוב, און קייעט ברויד און בייסט צו קליינע שטיקליך כשרע דארע קישקע, וואָס ער האָט געקויפט אין קראקוי'ער וואגזאל. נעבען איהם צווישען די צוויי גרויסע קניפען פון א פאק בעטגעוואנד, וואָס איז איינגעוויקעלט אין א'קויטיג לייליך, זיצט זיין ווייב, א גראָבע יודענע מיט א צוויי-יעהריג מיידילע אויפ'ן שוים. דאָס קינד דרימעלט אָנגעשפארט מיט'ן קעפיל אויף דער מאַמעס לינקען ארם און די מאמע מאכט אלע מאָל א זויער פנים און חאפט יעדעם מאל צו צו דער נאָז דעם עפּעל בעשטעקט מיט בשמים, וואָס זי האלט פאָרבערייטעט אין איהר רעכטער האנד. ער, איהר מאן, איז שוין געוועזען דריטהאלביאָהר אין אמעריקא, ער איז שוין א גאנצער מאכער, ער הערט שוין דעם ים „ווי דעם קאָטער". אבער זי פאהרט דאָס ערשטע מאָל. זי האָט געהערט דערצעהלען אז מען ברעכט שטארק אויפ'ן ים. די פארשטעלונג מאכט אויף איהר א גרייסע ווירקונג. קוים קוקט זי אָן דעם ים ווערד איהר שוין שלעכט. זי קען אפילו ניט ליידען ווי איהר מאן זיצט און קייעט אזוי געשמאק, אָהן עין-הרע, ווי א הונגעריגער וואָלף. אבער ער מאכט פון איהר חוזק, ער מאכט זיך הלצה'ליך, ווייזט איהר א גרויס שטיק דארע קישקע און האלט עס פאר איהרע ליפען אז זי זאָל נעהמען בייסען. זי חאפט אוועק דעם קאָפּ, מאכט צו די אויגען און פערקרימט די נאָז. אָבער זי שמייכעלט. זי שמייכעלט, ווי מ'זאָגט, „מיט יאשטשערקעס". זי האָט מורא זיך פאר איהם צו קלאָגען, זי שעמט זיך איהם מודה צו זיין אז אין הארצען האָט זי אביסעל חרטה, וואָס זי האָט אזוי גערדרונגען אויף איהם ער זאָל זי שוין מיטנעהמען מיט די קינדער קיין אמעריקא. זי דאנקט גאָט וואָס — איהר בחור'ל גבריאל, א יונגאטש פון 15 יאהר, איז איצט געקומען צו שפרינגען ווי א פערסמטע מויז און פערלאנגט עסען. ער איז אויסגעוועזען ווי דער פלאטץ האָט איין עק. איבעראל האָט ער געגלאָצט מיט די אויגען, איבעראל האט ער אויפגעשטעלט די אויערן צו הערען וואָס מען שמיעסט. ס'האָט איהם נאָך מעהר אינטערעסירט וואָס ער האָט עפּיס געהערט אזעלכע מיני נייע לשונות. יעדעס לשון איז איהם אויסגעקומען משונה'דיג, טאָטעריש. איצט איז ער שטארק פערטראכט, צעטראָגען, מבולבל. ער חאפט דאָס שטיק ברויד און עסט שטעהענדיג. דער פאָטער שרייעט אויף איהם ער זאָל זיך אנידערזעצען נעבען איהם. ער זעצט זיך גיך אויפ'ן זאק וואָס איז געפולט מיט אלטע קליידער. די מוטער ווערד אויסער זיך. אין רעם זאק האָט מען איינגעפאקט טלית-און-תפילין און מ'טאָר אויף איהם ניט זיצען. דער פאָטער ווערד אין כעס און שרייט: „גולם! נאָך דיך בעדארף מען אין אמעריקא. אזא לעהמ'דיגען גולם זוכט מען דאָרט מיט ליכט.. דיר וואָלט געפאסט צו זיין א לייבליך ברודעריל פון יענעם רוסישען גולם, וואס ער שטעהט דאָרט אין ווינקעלע און טראכט. אייך ביידע וועט מען אין אמעריקא מיט מוזיק אויפנעהמען. גאנץ אמעריקא וועט לויפען אייך מקבל פנים זיין. אזעלכע צוויי גולמות!"

גבריאל קוקט אין יענעם ווינקעלע, וואו א יונגער מאן פון א יאָהר 20 שטעהט, יענער גולם געפעלט איהם דוקא, ער ווייסט פאר וואס זיין טאטע איז אויף יענעם אזוי אין כעס. דאָס שניידעריל אויס טארנוב האָט איבער יענעם געוואָלט ווערען א טאטע און איהם פערזאָרגען אויף דעם וועג מיט אלעם וואס

ער דארף. די הויפטזאכע איז ער זאָל איהם געבען דאָס געלד און ער וועט איהם שוין קויפען די קארטע אויף דער שיף. ער וועט זי קויפען ביליגער, ער קען ענגליש, ער פערשטעהט זיך ווי צו רעדען מיט דעם פריץ. דער יונגער מאן האָט דעם גאנצען וועג געשוויגען. ס'האָט זיך געדאכט אז ער איז מסכים. אָבער קוים איז ער אנגעקומען אין האמבורג האָט ער געחאפּט און זיך אליין געקויפט די קארטע, נאָך איידער דאָס שניידעריל איז צוגעקומען. אזא גולם! און גבריאל טראכט ביי זיך אז קוים וועט ער קומען קיין אמעריקא וועט ער טאקי אויך זיין אזא גולם ווי יענער. ער וועט ווערען א פרייער מענש און וועט זיך מעהר ניט לאָזען אז דער טאטע זאָל זיין איבער איהם דער גאנצער בעל-הבית און ביי איהם צונעהמען זיין גאנץ שכירות... — „יענער גולם"?! — אָט שטעהט ער דאָרט אין א ווינקעל און טראכט. א יונגערמאנטשיק פון א יאָהר 20 מיט א שווארץ געקרויזטען קאָפּ, מיט א בלייך פנים און א שפּיצידיג בערדיל. ער טאפּט זיך אלע מאָל מיט דער רעכטער האנד נעבען דעם אויער, גלייך ווי ער זוכט די פאות, וואָס ער האָט זי ערשט אין האמבורג אָבגעשניטען. ער געפינט זי ניט, חאפּט ער זיך צום בערדיל און קרייזעלט עס מיט די פינגער. דער נייער שטייפער קאפּעלוש דערקיטשעט איהם אויך זעהר שטארק. עס דריקט איהם ביי די שלייפען. דער גאנצער קאָפּ איז איהם ווי איינגעקרעמפּט. ער פּאָרעט זיך מיט דער לינקער האנד יעדעס מאָל בּיים קאפּעלוש און פריפט זיך איהם אביסעל אויסאיינאנדער צו ציהען. ער שטעהט ביים פענסטער פון פאסאזשיער-הויז און די גרויסע שויב שפּיגעלט איהם אָב זיין נייע צורה. ער שמייכעלט. ער איז נייעגיעריג וואָס זיין ווייב און וואָס זיין קליין מיידילע וואָלטען געזאָגט ווען זיי זאָלען איהם איצט זעהן.. ער זיפצט שטארק. עס ציהט איהם עפּים שרעקליך ביים הארץ. אלע אברים ציטערן איהם פלוצים ביי דעם געדאנקען אז באלד קומט אָן די שיף און וועט איהם אוועקטראָגען ווי דער רוח א מלמד ווייט, גאנץ ווייט, גאר אין א נייער וועלט, ערגיץ הינטער די הרי חושך...

— ישראליק, דאָס ביזט דו?! דו דערקענסט מיך ניט מעהר? דו קענסט דיך ניט דערמאָהנען אז איך בין געוועזען ביי דיין דרשה, ויען דו האָסט אנגעהויבען חומש און האָסט געקנאקט ווי א בעל-דרשר אויף ויקרא מיט א קליינער „א"?

ישראליק קוקט ארום זיך משונה ווילד, ווי איינער וואָס מ'האָט איהם אויפגעוועקט אין מיטען א שרעקליכען און פאר איהם אזא זיסען חלום. א אלטע זיסע און שמערצליכע עראינערונג דערוועקט זיך אין איהם... ער וואַרפט אַ בליק אין דעם שפּיגעל פון דער שויב. זיין פנים איז שרעקליך בלאס געוואָרען, די אויגען אזוי ווי איינגעצויגען אין זייערע לעכער...

— אך, מיין ליעבער יוד! — ענפערט ישראליק מיט א ביטער קול — זייט יענער דרשה האָב איך שוין פיעלע, פיעלע דרשות געהאלטען. איך האָב געדרש'עט ביי בר-מצוה, איך האָב געדרש'עט ביי דער חתונה. איך האָב געדרש'עט און מען האָט איבער מיר גערדרש'עט. איצט מוז איך דרש'נען די שרעקליכסטע דרשה פון מיין לעבען, איצט מוז איך דרש'נען אויף דער גרויסער „נ" פון „ויהי בנסוע"...

ישראליק וויל זיין דרשה ערקלעהרען, ישראליק וויל אויסגיסען זיין הארץ— אָבער „איינשטייגען!" „איינשטייגען!" הערט מען א געוואלד א געשריי. ס'איז א רעש, א געטומעל, ווי אין דור-הפלגה. מ'טראָגט פון אלע זייטען גרויסע פעק און קליינע פעקליך און ישראליק מוז זיך איילען און אויך זיין פעקיל אריינטראָגען אין דער שיף. — — — —

און דער ים פינעט שרעקליך, דער ים איז אין איין כעס, דער ים האלט ישראליקען די גאנצע צייט פון דער גאנצער נסיעה גאָר א אנדער מין דרשה אויף זיין לשון...

## III.

אין זאל נומר צוויי, אין ערשטען שטאָק פונ'ם שפּיטאָל פון די „בארמהערציגע ברידער" אין ניו-יאָרק, געפינען זיך קראנקע, וועלכע האָבען ניט קיין היטציגע קראנקהייט נאר זיי זענען שוואך, זעהר שוואך. זייער קראנקהייט איז געפעהרליך, זעהר געפעהרליך. זיי ליידען אויף אויסצעהרונג אָדער לונגענזוכט. אָבער פון דעסטוועגען שלעפּען זיי זיך ארום אויף די פיס. איצט איז פינף א זייגער נאָכמיטאָג פון א שענעם זומערטאָג. פאר א האלבער שעה זענען די דאָקטורים געוועזען אויף וויזיט. קוים זענען זיי אָבער אוועקגעגאנגען זענען כמעט אַלע קראנקע, וואָס מ'האָט זיי ערלויבט געהן שפּאצירען, ארונטערגעגאנגען זיצען אין גאָרטען און שעפּען לופט. דער זאל, א הויכער לופטיגער זאל, מיט צוויי לאנגע שורות בעטליך, איז איצט כמעט לעדיג פון מענשען. ס'איז שטיל רוהיג ווי אויף א בית-הקברות. צוויי קראנקע, זעהר שוואכע, ליעגען אויף די בעטליך איינגעהילט אין די דעקען און דרימלען פאר שוואכקייט. איינער א בלייכער מענש, מיט איינגעפאלענע באקען און איינגעגראָבענע אויגען, שטעהט אין מיטען זאל, אנגעטהון אין זי'ן לייגוואנדטענעם קיטעל מיט בלויע פאסקעליך און אין די לייגוואנדטענע פאנטאָפעל, ביים גרויסען הילצערנען טיש, און האלט זיין רעכטע האנד אויף א שטיקיל שוואם, וואָס ליעגט אין מיט'ן טיש. ער ריהרט זיך ניט און מ'הערט פון איהם קיין שאָרך ניט. א בארמהערציגע שוועסטער, א יונג בליהענד מיידיל, בלוט און מילך, קוים צוויי און צוואנציג יאָהר אלט, אָנגעטהון אין א לאנגען שווארצען טאלאר און אויף דעם קאָפּ א טיכיל ווייס ווי שניי, קניעט אין א ווינקעלע, איהרע הענד צוזאמען-געלעגט, דאָס „געבעטבוך" פאר זיך, די אויגען אויפגעהויבען, די ליפען בעוועגען זיך אָבער מ'הערט קיין קול... פלוצים דורכציטערט דעם גאנצען זאל א שרעקליך זיפצען, א קול ווי פון געשפרונגענע סטרונעס. דאָס קול קומט פון א אנדער חדר. די בארמהערציגע שוועסטער שפּרינגט אויף. אויך זיי דערשרעקט זיך. אָבער זי ווייסט פון וואנען און פון וועמען דאָס קול קומט

— איהר זענט דאָך א יוד – זאגט די „שוועסטער" צו מיר אויף ענגליש — קויפט אייך אַ מצוה. דאָרט אין בעזונדערן חדר ליעגט איינער פון אייער אמונה. איך האָב אויף איהם גרויס רחמנות, אָבער איך פערשטעה ניט וואָס ער וויל, און ער פערשטעהט ניט אלעס וואָס איך זאָג איהם. איהר פערשטעהט דאָך, עס שטעהט מיט איהם שלעכט. דער דאָקטאָר האָט איהם שוין געשיקט אין דעם בעזונדערן חדר... ס'איז וועגען די אנדערע קראנקע... איהר פערשטעהט... כדי זיי זאָלען זיך ניט דערשרעקען. אָבער זינט ער איז אין בעזונדערן חדר ארבייט ער מעשים. ער שרעקט זיך שטארק. ער שרייט מ'זאָל איהם שיקען א יודען פון זיין לאנד אז ער זאָל מיט איהם שמיעסען. איך בעט אייך, געהט צו איהם אריין.

— וואָס איז זיין קראנקהייט? איך האָב מורא אליין אריינצוגעהן.

— איהר האָט ניט וואָס מורא צו האָבען. איבריגענס, געה איך מיט אייך אויך מיט. זיין קראנקהייט איז א פשוטע. ער איז פאר דריי יאָהר געקומען קיין אמעריקא. אין דער היים איז ער נישט געוועזען געוואוינט צו א מלאכה. א צייט לאנג האָט ער אין אמעריקא קיין ארבייט ניט געפונען. ער האָט געהונגערט, הונגעריג און אָהן כוחות האָט ער ערשט געפונען איינעם וואָס ער האָט איהם אריין גענומען אין א פאבריק דאָרט האָט ער זיך געוואָרפען אויף דער ארבייט איבער זיינע כוחות. ער האָט געארבייט פון פריה ביז נאכט, פיעל מאָל אויך שפּעט אין דער נאכט. צו עסען האָט ער זיך ניט פערגינען, ער מוז אהיים שיקען זיין שכירות דעם ווייב. ער האָט אזוי לאנג געארבייט ביז ער האָט בעקומען די אויסצעהרונג. שוין צוויי וואָכען איז ער אין שפּיטאָל. די דאָקטוירים האָבען זיך אלע מיהע געגעבען איהם צו ראטעווען, אָבער זיין קראנקהייט האָט זיך אזוי שנעל ענטוויקעלט, אז מ'האָט איהם שוין געמוזט לעגען אין א בעזונדער חדר... איך האָב אויף איהם גרויס רחמנות, א יונגערמאן פון קוים דריי און צוואנציג יאָהר...

ווי אזוי איך בין פלוצים געקומען אויף דעם געדאנקען אז ס'איז מעגליך אז דאָס איז מיין בעקאנטער ישראליק, ווייס איך ער היום ניט, נאָר בשעת די „שוועסטער" האָט מיר דערצעהלט אין קורצען זיין געשיכטע איז מיר פאָרגעקימען אז ישראליק וואָלט איצט געזאָגט אז ער האָט געדרש'ט אייף דער גרויסער „נ" פין והתגלח, אָדער עפּים אייף א אנדער אית, א גרויס צו א קליינס, און אזוי האָב איך ביי מיר געטראכט — אפשר איז דאָס טאקי ער.

די „שוועסטער" איז געבליבען שטעהן ביי דער טהיר און איך בין צוגעגאנגען צו זיין בעט די זון האָט מיט איהרע שוואכע שטראהלען, וואָס האָבען געפונקעלט ווי גאָלד דורך דעם פאָרהאנג פונ'ם פענסטער, בעדעקט מיט גלאנץ דעם שווארץ געקרויזטען קאָפּ און דאָס בלאסע פנים פון דעם קראנקען. ער איז געלעגען מיט'ן פנים ארויף, די אויגען צוגעמאכט. די איינגעפאלענע באקען האָבען שטארק געפלאמט און ס'האָט זיך געבילרעט פוןביירע זייטען צוויי רויטע פלעקען אין מיטען פון דעם געלב-בלאסען פנים. ער האָט שווער געאטהעמט, די רויטליך בלאסע ליפּען האלב געעפענט. פלוצים הערט מען א מורא'דיג אָבער שוואכעס קול ווי דער קראנקער רעדט צו זיך אליין אזוי ווי אויס דעם שלאָף: „ס'איז ערדציטערניש, מ'דארף מאכען א ברכה... רב קטינא ווייסט אז דער כשופמאכער האָט רעכט, ווען הקדוש-ברוך-הוא דערמאָהנט זיך אז ישראל ליעגט אין צער צווישען פרעמדע אומות, מוריד שתי דמעות לים הגדול לאָזט ער צוויי טרעהרען בביכול אין דעם גרויסען ים. דער ים פינעט, דער ים וואַרפט מיט זיך און שאָקעלט שטארק מיט דער ערד.. אין א בעזונדער חדר האָבען זיי מיך געלעגט.. איך ווייס וואָס דאָס בעטייט.. דאָס איז זי שולדיג, די שוועסטער... זי מיינט איך דערקען זי ניט... דאָס איז זי דאָך ישרה מיין ווייב. זי האָט אויף מיר רחמנות. פאר וואָס לאָזט זי זיך ניט אנריהרען?.. ווי קומט זי אהער, און וואָס זענען עפּים די בגדים, ווי קומט צו איהר דער צלם אויף דעם הארץ?.. אזא כשרע יודענע... וואָס איז געשעהן מיט מיין קליין טעכטעריל, מיט מיין חנה'לע? פאר וואָס האָט זי זי ניט מיטגענומען קיין אמעריקא? איך בין גאנץ געזונד... באלד וועל איך ווידער געהן צו דער ארבייט און ארבייטען, ארבייטען מיט אלע כוחות אייך מפרנס צו זיין.."

דער קראנקער ווערד מיט א מאָל גאנץ רוהיג. די פלאמען פון די באקען פערשווינדען. ער עפענט די אויגען. קוקט מיך גאנץ רוהיג אָן און זיפצט. ער בעט מיך אז איך זאָל זאָגען דער „שוועסטער" זי זאָל ארויסגעהן פונ'ם צימער. ער דארף זי איצט ניט. ער קוקט מיך נאָך אמאָל שטארק אָן. דערנאָך זאָגט ער גאנץ רוהיג: „איהר זעהט, מיין ליעבער יוד, איהר דערקענט מיך. דאָס בין איך דאָס קליינע בעל-דרשריל. מיין גאנץ אומגליק איז וואָס איך האָב פון קינדהייט אָן געהאלטען אין איין דרש'נען. דאָס איז מיין אומגליק און דאָס אומגליק פון א סך מיינע חברים. פאר לויטער דרשות הייבען מיר נישט אָן צו פערשטעהן דעם פשוטען פשט פונ'ם לעבען... — — — — — — — — — — — — —

ווינן. דוד ישעיהו זילבערבוש.

# פרוטוקול סטינוגרפי

(השלם)

## מהמו״מ בהקונגרס הציוני השני
## בעיר באזעל
### י — יב אלול תרנ״ח.

הפרוטוקול הזה הוא העתקה שלמה ומדויקת מהפרוטוקול האו־פיציאלי של הקונגרס השני, ובאו בו כל דברי המו״מ, הוכוחים, ההצעות והמנאמים של חברי הקונגרס, לא יחסר דבר. הפרוטוקול הזה יש לו ערך גדול וקים, וכל איש הרוצה לדעת את דברי המו״מ של הקונגרס ופעולותיו ידיעה שלמה וברורה ימצא מבוקשו רק בהספר הזה, כי כל הידיעות שבאו עד הנה ע״ד הקונגרס במכ״ע ובמחברות מיוחדות הן מקוטעות ונעדרות השלמות. מפני סבות שאינן תלויות בנו נתעכב צאת הפרוטוקול, אבל מלבד שספר רב הערך כזה אינו תלוי בזמן נכבד הוא עתה ביותר בהגיע תור הקונגרס השלישי, כי בהגלות לפני הקוראים כל ההלטות הקונגרס ודרך התפתחותן ע״פ מהלך המו״מ וההשקפות השונות של הדיליגטים — ולא רק בתור מסקנות יבשות — ידעו לשפוט נכוחה ולכלכל מעשיהם לעתיד בתור חברי האגודות הציוניות או בהתעתדם להשתתף בהקונגרס השלישי.

הספר מחזיק 238 עמודים (יותר מן 15 באָגען) ורובו נדפס באותיות פטיט שהוא מועט המחזיק את המרובה, וכדי שיהיה מצוי ביד כל אדם ויוכלו לקרות בו מיד ימכר מכורך הדר במחיר מועט והוא:

**60 קאפ׳ ועם פארטא 70 קאפ׳**

למו״ס ולאגודות ציוניות ראבאט הגון!

דורשי הספר יפנו אל

Verlag „ACHIASAF“, Warschau.

---

פערלאג „עזרא“ ברדיטשוב.

## קאטאלאג

1-2) משיח׳ס צייטען, ראמאן, צוויי העפטע. — שלום עליכם.
3) ביז וואנען וועלען יודען זיין אין גלות? — פלי.
4) פראפעססאר שפירא — וויערניקאווסקי.
5) מאקס נארדויס רעדע — מקל.
6) וואס מיר זענען און וואס וועט פון אונז ווערען? — ראבניצקי.
7) רבינו שמואל מאהליבער — מקל.
8) דער 2 טער ציוניסטען-קאנגרעס — מקל.
9-10) יודישע קינדער, 2 העפטע. — א. אביון.
11-12) יודיש בלוט אויף א רפואה, 2 העפטע. — פלי.
13) די יודישע באנק — מקל.
14-15) שלש סעודות צייט, 2 העפטע. — וויערניקאווסקי.
16) על הנסים, א רעדע אויף פורים — פלי.
17) רבנו שלמה לוריא — ש. א. הארארעצקי.
18-19) בלאטלעך געשיכטע — ד״ר נ. ג. בירנבוים:
I דער צווייטער חורבן.
II בר כוכבא.
20) דון יוסף נשיא, היסטארישעס — יוסף קלויזנער.

פרייז פיר יעדעס העפט 8 קאפ. — גרויסער ראבאט.

אדריסה:

Издат. „Эздра“ Бердичевъ.

מען קען אויך בעקומען אלע העפטען פון פערלאג „עזרא“ ביי פערלאג „אחיאסף“ אין ווארשא.

---

## ראזיערען אהנע מעססער.

מיין שעער-פודער דאס בעסטע דער וועלט פיר האאר אונד בארט אין איין פאאר מינוטען פערשווינדעט דאס האאר, אונד דאס געזיכט ווירד זייבער אונד וויים, אהנע דעם קלענסטען שארען פיר דיא הויט, מיין פילווער ווירד פיעל געברויכט ניכט נור פאָן פראממען יודען (מותר לגלח את הזקן באבק אפילו לכתחלה. תפארת ישראל מס׳ מכות) אויך קריסטען אונד דאמען, ווייל עס איז פראקטישער אונד ביליגער אלס מיט מעססער צו ראזיערען. איין שאכטעל פיר גאנצעס יאהר 1·20 פלארין, 1 רובל, 2 מארק, 2 שיללינג 2·50 פראנק. ביי 10 שאכטעלן 30 פ״צ ביליגער; ביי 25 שאכטעלן 50 פ״צ ראבאט. געלד מוסס מאן פאראוים איין זענדען, פער נאכנאהמע ווירד ניכט געשיקט, אויף פאסטקארטען וויניגער אלס 7 קרייצער ווירד ניכט געאנטווארטעט.

B. SAKOLSKI, Antwerpen (Belgien), Rue du Grand Chien 2.

---

אל חותמי מכ״ע

# „השלח“!

יצאה לאור ונשלחה לכל החותמים חוברת יוני שהיא האחרונה לכרך ה׳ והננו מזכירים את חותמינו וסוכנינו כי ימהרו לחדש זמן חתימתם למען לא יהיה עכוב במשלוח החוברות הבאות.

במשך השנים אשר יצא מכ״ע **השלח** יצא לו שם ויקנה לו לבות טובי הקוראים במאמריו המדעיים והפובליציסתיים, בספוריו, שיריו ופיליטוניו המשובחים, עד כי לשפת יתר יחשב לספר ערכו וטובו לפני הקוראים. **השלח** לא ישא פנים לאיש או למפלגה, כי יודע הוא ומכיר את הובתו להכלל ולקהל קוראיו, ורק נוכח האמת דרכו. **השלח** נדפס במספר מצומצם. כרך ג׳ כבר אפס ואיננו ומשאר הכרכים נשארו אך מעט עקז.

מחירו: לשנה 6 רו״כ, ולחצי שנה 3 רו״כ.

כרך א׳ ב׳ ד׳ ה׳ נמצאים ג״כ מכורכים הדר ומחיר כל כרך 3.40 ר׳ עם פארטא. הכריכה לבד 25 ק׳ ועם פארטא 30 ק.

Verlag „ACHIASAF“, Warschau.

---

# הוצאת אחיאסף.

## דרך לעבור גולים

מאת משה ליב ליליענבלום.

הספר הזה יספר לנו בדברים נאמנים ומושכים את הלב את תולדות ישוב ארץ ישראל עד התיסדות חברת התמיכה, אופני התפתחות המושבות בא״י, אספות הו״צ ופעולות הרבנים בענין השמיטה וכו׳ ויכלכל חומר רב הערך לתולדות הישוב וראשי הו״צ כמו הג׳ רש״מ, הד״ר פינסקר וכו׳.

מחירו 75 קאפ. ועם פארטא 83 קאפ.

---

## ר׳ יהודה אלחריזי תחכמוני

נערך ע״פ כת״י ומהדורות שונות

ע״י ד״ר א. קאמינקא.

יצאה עתה לאור **המחברת האחרונה** (אשר נתעכב צאתה מסבות שונות) והיא כוללת שירים נוספים, שינויי נוסחאות ותקונים, תולדות חיי ר״י אלחריזי ומבוא לס׳ תחכמוני כתובים ברחבה ע״פ מקורים חדשים ונאמנים, עד כי נוכל לקרוא עתה באמת את הספר הזה בשם **תחכמוני השלם**.

מחיר המחברת האחרונה 40 קאפ׳ ועם פארטא 44 ק׳. מחיר כל הספר תחכמוני 1.38 רו״כ, וע״פ 1.54, מכורך 1.68 ר׳, וע״פ 1.84 ר׳.

Verlag „ACHIASAF“, Warschau.

---

אין חברה „אחיאסף“ געפינט זיך צו פערקויפען אלע פינף בענדער

## „הויזפריינד“

דיא פרייזען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ערשטער | באנד | פרייז | 2.00 | רובל |
| צווייטער | „ | „ | 2.00 | |
| דריטער | „ | „ | 90 | |
| פיערטער | „ | „ | 75 | |
| פינפטער | „ | „ | 90 | |

פיר אלע פינף בענדער צוזאמען נור 6 רובל. פארטא פיר יעדער באנד בעזאנדער 14 קאפ. פארטא פיר אלע פינף בענדער צוזאמען דורך אפאסיליע נור 46 קאפ.

מיר מוזען בעמערקען אז גאנצע זאצען „הויזפריינד“ געפינט זיך מעהר ניט וויא 10 עקזעמפ.

נמצא בדפוס ובקרוב יופיע

# לוח אחיאסף

## לשנת תר"ם

## שנה שביעית.

לוח אחיאסף במשך שבעת שנות קיומו כבר קנה לו זכות אזרח בספרות־נו. הקוראים משתעשעים בו מדי שנה בשנה וכבר ידעו להוקיר את הין ערכו וטוב טעמו. בלוח אחיאסף תר"ם יבואו ספורים, שירים, מאמרים פובליציסתיים ומדעיים כתובים בידי טובי סופרינו בסגנון מובן לכל העם, תולדות אנשי השם, השקפה על מקרי השנה (כרוניקה) וידיעות שימושיות מועילות, תמונות וציורים נדפסים בתכלית היופי.

### וזה תוכן לוח תר"ם בקצרה:

בין איש לאשתו, ספור, א. ז. ראבינאָוויץ; בא והולך, דר. ברדיצבסקי; בין השמשות, יוסף קלויזנר; בין השובים, ספור, א זינגר; בית המדרש הישן, שיר, מ. מ. דאָליצקי; האנוס, שיר, חושי הארכי; הגיוני ליל, שיר, ש"ל גאָרדאָן; הרבנות והציוניות, ש. ראָזענפעלד; חלום (זכרונות הילדות), א. לודוויפול: חזיונות לילה, שיר, ברוכוויץ; למען ציון (אל צעירי עמנו), יוסף קלויזנער; להולך לבקש האמת, מ. מ. דאָליצקי; למנצח בנגינות, ספור היסטארי, י. וואהל, לפנים והיום, פתגמים, דאזארקא; מה-זאת? שיר, אבא שפירא: מספר השירים של הינה, י"ל ברוכוויץ; מכתב גלוי לד"ר ברדיצבסקי, מ. ז. פייערבערג (המנוח); מצבות זכרון, מ ל. ליליענבלום; מרכז הכה, דר. ד. ניימרק; מה נפלאים מעשיך, שיר, מ. מ. דאָליצקי; נדחי ישראל, דר. ש. ברנפלד; הסוציוליגיא של אחד העם, דר. יהושע טהאָן; עכו"ם שוטה, שיר, צ. שערעשעווסקי; פלאי פלאים (מכתם מ. שוידינישסקי; צרור מכתבים א. ש. פריעדבערג; רזי לילה, שיר, ח. נ. ביאליק; רוח אחד, שיר, צבי אלאטין; רזי תעלומה, (מאמר מדעי), יעקב פרענקעל; רוחות חדשות, שיר, א. ליבושיצקי; שבבים, א. שולמאַן; שיר הזורע, א. ליבושיצקי; שיחה מדינית, ש. חריף; שתי מרדיות, ספור, צבי אלאטין; תולדות גאָסטער, קלמן שולמאַן, ר' עזריאל הילדסהיימער, מ. ז. פייערבערג ועוד, עם תמונותיהם, מראה תלמידי ביה"ס ברחובות לפני שער הכבוד להנדיב הידוע, הזמירה בכרמי המושבה רחובות ועוד, כרוניקה, הזכרת נשמות, מודעות וכו'.

מחיר הלוח **1** רו"כ ועם פארטא **1.20** ר'.

## כל קוני הלוח יקבלו חנם

מחברת שלמה עם דין והשבון פרטי ע"ד הקונגרס השלישי בבאזל כתוב בידי סופרנו המיוחד בבזל. המחברת תצא לאור תיכף אחרי הקונגרס, וכל קונה יקבלנה נגד פתקא הנדבקה לכל לוח.

Verlag ACHIASAF, Warschau.

---

עס איז אַרויס פֿון דרוק דאס בעריהמטע ציוניסטישע ווערק

# דיא קאלאניסטען

א בילד פֿון לעבען פֿון די יודישע קאָלאָניסטען אין ארץ ישראל פֿון וועלט בעריהמטען פּערפּאסער (יה"ל) יצחק הלוי לעווינסקי

אין 2 טהייל פרייז 80 קאפּ'.

**דער שטומער שדכן** ראָמאן פֿון יה"ל הנ"ל. פרייז 60 קאפּ'.

צו בעקאָמען אין בוכהאנדלונג **נ. ציילינגאלד** ווארשא. נאלעווקי 28. אויך אין פֿערלאג „אחיאסף".

---

בעסטע בעקוועמסטע אונד בילליגסטע פֿאהרט נאך אלען פלעטצען אין אַמעריקא, ענגלאַנד אונד אפריקא ווי אויך ברעמען, האַמבורג, ראָטטערדאַם אונד אַנטווערפען. מיט די בעסטען איינגעריכטעטען **פּאסאזיר-שנעללדאמפּפֿערן** וועלכע געהען פֿון ליבאווא ביז לאנדאן אין $3^1/_2$ טאָגע.

אנפֿראַגען ווערדען פּראָמפּט בעאנטוואָרטעט.

**י. קניע** עט **קאמפּ. ליבאַווא.**

אדרעססע: **I. Knie & Co. Libau.**

---

# דעת אלהים

## תולדות הפילוסופיא הדתית בישראל

מאת דר. ש. ברנפלד.

### ספר חמישי

והוא האחרון ועמו נשלם כל הספר! רב הערך הזה אשר לא היה כמוהו ספר מקורי, גדל־הכמות והאיכות בזמן האחרון בספרותנו. מטרת הספר הזה, כפי שיבאר לנו המחבר, היא לתת לקהל הקוראים תולדות הפילוסופיא הדתית ולהעביר לפניהם את פרטי השתדלותם של הכמי ישראל בכל דור ודור לאחד הדת עם הפילוסופיא, להזק הדת ע"י זה. הספר הגדול הזה מתחיל מתקופת כתבי הקדש ומסיים בעת ההדשה ומברר שיטות הפילוסופים שקמו בעמנו מאז ועד הנה. בדרך הילוכו נוגע המחבר גם בחקירת תולדות הפילוסופיא הדתית בכלל כפי צורך הענין.

וזה תוכן הספר האחרון בקצרה:

פרק ראשון. ר' אהרן הקראי וזמנו. זמן הויכוחים הדתיים. ר' יוסף אבן כספי. ר' יוסף מנרבונה, מאמרו בדבר הבחירה החפשית, ר' אהרן הקראי ושיטתו הפילוסופית וכו'.

פרק שני. אור ה'. ר' חסדאי קרשקאש. ספרו „איר ה'". מציאת ה' ותאריו, ידיעת ה', ההשגחה האלהית, ישוב שאלת „צדיק ורע לו רשע וטוב לו", הגמול והענש וכו'.

פרק שלישי. ר' יוסף אלבו. הרדיפות באספמיא, המות השחור, עקרי הדת הישראלית לפי השקפת ר"י אלבו. תורת המוסר וכו'. התקוה הלאמית של ישראל וכו'.

פרק רביעי. הפילוסופים התורנים. ר' שם-טוב בן-טוב. בנו ר' יוסף בן שם-טוב. המפרש ר' שם-טוב בן ר' יוסף ן' שם-טוב. ר' יצחק עראמה וספרו „עקדת יצחק". ר' אליה דלמדיגו וספרו „בחינת הדת" דון יצחק אברבנאל. ר' יתיאל איש פיסא. יש"ר מקנדיאה וכו'.

פרק המישי. ברוך שפינוזא. הקהלה הספרדית באמשטרדם, ברוך שפינוזא, מולדתו ומאורעות חייו וכו'. שפינוזא בתור פילוסוף. קרטיזיוס ושיטתו הפילוסופית. השקפת שפינוזא אודות היהדות וכו'.

פרק ששי. ר' משה בן מנחם. ההשקפה הפילוסופית שבימיו. ליבניץ וכו' הפילוסוף וואלף. ר' משה בן מנחם והשקפתו הפילוסופית. מהות הדת הישראלית. אין אמונה בדת זו. יחס הרמב"ן להכרה הלאומית של ישראל וכו'.

פרק שביעי. נסיונות ובחינות. החסידות וההשכלה. ר' נחמן קרוכמאל. עמנואל קנט, פיכטע, שיללינג, היגיל. לודוויג שטינהיים, ר' שמואל הירש. ההתעוררות הלאמית. הפילוסופיא הלאומית. ר' אשר גינצברג (אחד העם). חבת ציון. תמצית דעותיו של ר"א גינצברג וכו'. סקירה לעתיד. סיום הספר.

מחיר הספר החמישי 75 קאָפּ' ועם פאָרטא 83 קאָפּ', מחיר כל הספר 2.75 ר' ועם פאָרטא 3 רו"כ. מכורך הדר בשני כרכים 3.30 ר' וע"פ 3.55 ר'.

Verlag „ACHIASAF", Warschau.

---

חברת אחיאסף

יצא לאור

# דרך תשובה

והוא חלק שלישי להספר המפורסם

## חטאת נעורים

### מאת צלפחד בר חושם התוהה.

הספר הזה מכיל המשך תולדות היי המחבר בתקופה המלאה ענין רב לעם ישראל, היא תקופת מלחמת ההשכלה החפשית, צמיחת הרעיון הלאומי וראשית העבודה בענין ישוב ארץ ישראל.

מחיר הספר 25 קאפּ' ועם פארטא 30 קאפּ'.

**Verlag ACHIASAF, Warschau.**